# סאציאליסטישער טעריטאריאליזם

## זכרונות און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון די פארטייען ס״ס, י״ס און „פאראייניקטע״

ערשטער זאמלבוך

ארויסגעגעבן — ארכיוו - קאמיסיע
פון די פארטייען ס״ס, י״ס און „פאראייניקטע״

# אינהאלט:

# הקדמה

נאך מיט איניקע יאר צוריק האט אן איניציאטיוו-גרופע פון געוועזענע אנפירער און אקטיווע טוער פון די פארטייען ס"ס, י"ס און „פאראייניקטע" געבילדעט אין בערלין אן ארכיוו-קאמיסיע, וואס אין איר זיינען אריין די חברים: בן־אדיר (א. ראזין), נ. גערגעל, מ. זילבערפארב (באזין), ד. לוואוויטש (דאווידאוויטש), יעקב לעשצינסקי, א. סינגאלאווסקי, מ. פיינליב און א. קיהן. די קאמיסיע האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צונויפצוזאמלען, באארבעטן און פארעפנטלעכן דעם ארכיוו-מאטעריאל פון די דערמאנטע פארטייען.

ס'האט זיך אבער ארויסגעוויזן, אז די דאזיקע אויפגאבע איז שווערער און פארוויקלטער, איידער מ'האט דאס געקענט פארויסזען, ווייל די פארטיי־ארכיוון זיינען כמעט אינגאנצן פארלוירן געגאנגען. און דעריבער האט זיך דעמאלט די קאמיסיע געווענדט צו א גאנצער ריי געוועזענע חברים מיט אן אויפרוף, אין וועלכן זי האט געשריבן:

„ס'וואלט געווען א גרויסער שאדן, אין געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן זינען, ווען ס'זאל אפילו טיילוויז פארלוירן גיין דער היסטארישער מאטעריאל וועגן די פארטייען, וואס האבן געשפילט אזא באדייטנדיקע ראל אין דער יידישער ארבעטער-באוועגונג און איבערהויפט אין דער אנטוויקלונג פונם מאדערנעם יידישן געזעלשאפטלעכן געדאנק, און אויף וועמען, אויב ניט קודם כל אויף די געוועזענע חברים פון די פארטייען ליגט דער חוב איבערצוגעבן די קומענדיקע דורות די געשיכטע פון יענעם ברויזנדיקן, פול מיט יוגנטלעכן אידעאליסטישן אימפעט, געזעלשאפטלעכן שטראם, וואס זיי אליין זיינען געווען זיינע שעפער און טרעגער?

„אצינד איז נאך מעגלעך ביי א געוויסער אנשטרענגונג צונויפצוזאמלען דעם צעזייטן און צעשפרייטן ביי איינצלנע חברים ארכיוו-מאטעריאל, ס'איז נאך מעגלעך אויפן סמך פון זכרונות פון די געוועזענע מער אדער ווייניקער אקטיווע פארטיי-חברים אויפשטעלן א לעבעדיק בילד פון דער באוועגונג. וואס ווייטער וועלן די שאנסן פאר דעם ווערן קלענער.

„מיר ווילן האפן, אז אונדזער ווענדונג וועט געפינען א לעבעדיקן אפקלאנג אין די הערצער פון אלע געוועזענע חברים און זיי וועלן זיך גלייך אפרופן און צושיקן אונדז סיי דעם ארכיוו־מאטעריאל, וואס זיי פארמאגן, סיי זייערע זכרונות, סיי געלט־מיטלען פאר דער באארבעטונג און פארעפנטלעכונג פונם געשיכטלעכן מאטעריאל".

ליידער, האבן זיך די חברים, אויסער א פאר אויסנאמען, אויף אונדזער ווענדונג ניט אפגערופן, און די קאמיסיע איז געצוווּנגען פארלויפיק איר ארבעט אפצושטעלן.

אין פרילינג פאַריקן יאָר האָט זיך ווידער אַ גרופּע געוועזענע טוער פון די דערמאָנטע פּאַרטייען צוזאַמענגעטראָפן, דאָס מאָל אין פּאַריז, און באַשלאָסן מאַכן נאָך אַ פּרוּוו צו באַנייען די אַרבעט פון דער פריערדיקער אַרכיוו-קאָמיסיע. אויף אַ זיצונג, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט חוץ די חברים פון דער ערשטער קאָמיסיע: בן-אדיר, ד. לוואָוויטש, א. סינגאַלאָווסקי, מ. פיינלייב און א. קיהן, אויך די ח"ח: ל. גלעזער, י. יעפּרויקין, א. כאַראַש און מ. קיוועליאָוויטש, איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אַרויסצולאָזן צוערשט אין משך פון די נאָענטסטע חדשים דעם ערשטן זאַמלבוך פון אַ 10 דרוקבויגן, וואָס זאָל באַשטיין הויפּטזאַכלעך פון מעמוארן. אויף צוזאַמענשטעלן אַזאַ מין זאַמלבוך, האָט מען גערעכנט, וועלן זיך ניט פאָדערן קיין באַזונדערע הכנות, און דורך דעם, וואָס מ'וועט מאַכן אַ התחלה און מ'וועט געבן אַ ממשותדיקע זאַך, וועט מען אויפוועקן דעם אַקטיוון אינטערעס פאַר אָט דער אויפגאַבע ביי די געוועזענע חברים.

ליידער, האָבן נאָר אייניקע חברים באַוויזן צוצושיקן זייערע מעמוארן. מיר האָבן אָבער ניט געפונען פאַר מעגלעך די זאַך ווייטער צו פאַרציען.

מיר ווילן האָפן, אַז אָט דער ביז גאָר באַשיידענער פּרוּוו מיטן ערשטן זאַמלבוך וועט דאָך שטויסן די חברים צו אַ מער אַקטיווער באַציִונג צו אונדזער וויכטיקער אויפגאַבע און זיי וועלן שאַפן די מעגלעכקייט די זאַך פאָרצוזעצן.

**אַרכיוו-קאָמיסיע.**

## משה זילבערפאַרב

ווען דער זאַמלבוך איז שוין געווען אינגאַנצן אומגעבראַכן און צוגעגרייט צום דרוק, האָט זיך באַקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן פּלוצלעכן טויט פון חבר מ. זילבערפאַרב.

עס איז ניט נאָר אוממעגלעך שלום צו מאַכן מיט אָט דעם אכזריותדיקן פאַקט, נאָר ס'איז פּשוט שווער צו גלויבן. אין דעם: אין אַזאַ שאַרפן ווידערשפּרוך געפינט זיך דער טויט פון זילבערפאַרבן צום צאַפּלדיקן לעבן, מיט וועלכן ס'זיינען אָנגעזאַפּט די אָקאָרשט פון אים געשריבענע זכרונות, וואָס מיר גיבן דאָ.

זאָלן אונדזערע זאַמלביכער העלפן אויפשטעלן אַ בילד פון דער פּילזייטיקער פּרוכטבאַרער טעטיקייט פון אָט דער אָנפירנדיקער פּערזענלעכקייט אין דער יידישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטלעכקייט. דאָס פאַרגרעסערט נאָך מער אונדזער חוב ווייטער פאָרצוזעצן די אַרבעט, וואָס מיר האָבן אויף זיך גענומען.

פּ אַ ר י ז, אַפּריל, 1934. ר ע ד אַ ק צ י ע

בן-אדיר

# צום אויפקום פון דער "יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי" (י"ס)

פון דער סעריע „אידעען-מעמואַרן" (צו דער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט)

## 1. אין באַגינען פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם

יענע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע שטרעמונגען אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט, פון וועלכע ס'האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט די פּאַרטייען ס"ס און י"ס, זיינען ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן ציוניזם. בכל אופן, אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זייער אַנטוויקלונג זיינען זיי געווען אָרגאַנישע טיילן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג; און ס'איז דעריבער שווער גענוי פעסטצושטעלן, ווען האָבן זיך פון זיי אָנגעהויבן אויסטיילן און קריסטאַליזירן באַזונדערע אַרבעטער־קערפּערשאַפטן, באַפאַרבט מיט אַ מער אָדער ווייניקער אויסגעשפּראָכענער פּראָלעטאַריש-סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. דער ציוניזם, וואָס האָט פון ערשטן מאָמענט אָן פּרעטענדירט און געשטרעבט צו ווערן אַ פאָלקסבאַוועגונג, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע קלאַסן און שיכטן פון יידנטום, האָטווירקלעך גלייך פאַרכאַפּט אויך געוויסע ראַדיקאַלע און אַרבעטער-עלעמענטן. די קליינלעכע חבת־ציון-באַוועגונג, וואָס האָט געפונען איר קלאַסישן אויסדרוק אין אחד־העמיזם, אין דער שטרעבונג צו שאַפן אַ „מקלט-בטוח" פאַר דער אַנטוויקלונג פון רוח־היהדות און וואָס איז געווען דורכויס צוגעפּאַסט, אַזוי ווי אָנגעמאָסטן פאַר די געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע השגות פון בעל-הבתיש־משכילישן שיכט, האָט ווייניק וואָס געהאַט צו זאָגן צום האַרצן פון יענע ראַדיקאַלע עלעמענטן, וואָס זיינען שוין מער אָדער ווייניקער געווען אָנגעזאַפּט מיטן גייסט און אידעען פון די אַלגעמיין־אייראָפּעישע ראַדיקאַלע אינטערנאַציאָנאַלע שטרעמונגען און באַוועגונגען. אַקעגן האָט דער הערצלישער פּאָליטישער ציוניזם מיט זיין גראַנדיעזן פאַרנעם, מיט זיין דרייסטן פאַרמעסטן זיך אויף „קבוץ־גליות", אויף צו לייזן גלייך און ראַדיקאַל ניט בלויז די י י ד י ש ק י י ט - פּ ר אָ ב ל ע ם, נאָר טאַקע די גרויסע י י ד ן - פּראַגע, די פּראָבלעם פון טויזנטיאָריקן גלות, פון

דעם אומנאָרמאַלן, אומגעזונטן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון די פילמיליאָניקע פאָלקס-מאַסן — אָט דער ציוניזם האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך צוציונגס־קראַפט, אַ סך צויבער אויך פאַר אָט די ראַדיקאַלע עלעמענטן..

זיי האָבן זיך אָבער פון אָנפאַנג ניט אויסגעטיילט פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער מאַסע. פאַרן דיפערענצירונגס-פּראָצעס אין ציוניזם איז נאָך די צייט ניט אָנגעשטאַנען. דער ציוניזם האָט נאָך ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך זיין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וואָס איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די לעבנס־ און אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן פון די פאַרשיידענע פאָלקס־שיכטן אויף די ערטער, וווּ זיי וווינען. ס'איז אייגנטלעך געווען בלויז אַ פּלאַן פון אַ גראַנדיעזער קאָלאָניזאַציע-אונטערנעמונג, וואָס קערט זיך כּלל ניט אָן מיט די פאַרשיידנאַרטיקע אויפגאַבן און פּראָבלעמען פון אָרטיקן לעבן. און נאַטירלעך, אַז אין אַזאַ לופטלאָזן רוים פון פאַנטאַסטישע פּלענער איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר באַזונדערע פּאָזיציעס, פאַר ראַדיקאַלע שאַטירונגען.

אָבער אַזאַ מצב פון שוועבן אין די עלמות־העליונים פון הויכער דיפּלאָמאַטיע און פאַרשיידענע אַנדערע מער אָדער ווייניקער גראַנדיעזע און פּראַכט-פולע לופט־שלעסער האָט לאַנג ניט געקענט געדויערן. ביסלעכוויז האָבן אָנגעהויבן פּלאַצן איינע נאָך די אַנדערע די נאַיווע פאָרשטעלונגען וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זעלטן פּרימיטיווער ריין ראַציאָנאַליסטישער פּשטות. אין באַגינען פון דעם ערשטן אויפגעוואַכטן יידישן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק האָט די זאַך אויסגעזען אַזוי פּשוט און אַזוי קלאָר, ממש מיט די הענט אָנצוטאַפּן. אַלץ ווענדט זיך נאָר אָן אונדזער ווילן. „אויב איר ווילט, איז דאָס ניט קיין חלום!“ און ווער קען דאָס ניט וועלן? אפילו אַ שטאָק־בלינדער דאַרף איינזען בחוש, ווי ווייט העכער, שענער, געזינטער איז דאָס פרייע לעבן פון אַ פאָלק אויף זיין אייגענער ערד אין זיין אייגן לאַנד, איידער דאָס צעהויקערטע, צעקאַלעטשעטע און פאַרפינסטערטע לעבן אין גלות, צעזייט, צעשפּליטערט און פאַרשקלאַפט. און בכן — אייער גליק איז אין אייערע אייגענע הענט, גייט און נעמט אים. איר האָט פאַר זיך אַ געזעלשאַפטלעכע, אַ נאַציאָנאַלע אונטערנעמונג, זאָל זיין אַ גרויסע, אַ גראַנדיעזע, אָבער דאָך ניט מער ווי אַן אונטערנעמונג, גייט גלייך, שטרענגט אָן אייערע כּוחות און פירט זי דורך, אָן איבעריקע חקירות און גריבלערייען.

אָבער ווען דער ערשטער צויבער איז פאַרביי און ס'האָבן זיך דייטלעך אָנגעהויבן אויסטיילן די גרענעצן פון חלום און וואָר, פון פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט, האָט מען ביסלעכוויז אָנגעהויבן, אויב ניט קלאָר באַנעמען, איז לכל הפּחות אינסטינקטיוו פילן, אַז די זאַך איז ווייט ניט אַזוי פּרימיטיוו און פּשוט, אַז נעמען אַ פילמיליאָניק פאָלק, וואָס איז פון טויזנטער יאָרן אָפּגעריסן פון זיין באָדן, צעשפּרייט איבער אַלע זיבן ימים, אַריינגעדרונגען אין די געדערים פון כּלערליי אַנדערע פעלקער און מלוכות, איינגעוועבט אין זייערע פאַרשיידנ־

סטע סאָציאַל-פּאָליטישע און קולטורעלע געוועבן, — אַז נעמען אָט דאָס צעברעקלטע פֿאָלק און צוזאַמענשליסן דאָס, איבערפירן צוריק אין זיין אַלט פאַרלאָזן און חרוב לאַנד, ראַדיקאַל איבערבויען זיין סאָציאַל-עקאָנאָמישע סטרוקטור, זיין פּסיכאָלאָגיע, געוווינהייטן און נטיות, אַז דאָס אַלץ באַטייט אַזאַ אויסערגעוויינטלעכע איבערקערעניש, אַזאַ געוואַלדיקע און גרינדלעכע רעוואָלוציע, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזוינס ניט געזען. ובכן, די צוגרייטונג און די עצם דורכפירונג פון אַזאַ מין רעוואָלוציע קען מען זיך דענקען נאָר ווי אַ *לאַנג-דויערנדיקן היסטאָרישן פּראָצעס*, אַ פּראָצעס פון דורות, ווען אין שוים פון דער געשיכטע זאַמלען זיך בהדרגה און וואַקסן אויף די אַלע אומגעהייערע מאַטעריעלע, גייסטיקע און אָרגאַניזאַטאָרישע כוחות און פאַקטאָרן, וואָס זיינען נויטיק דערצו. היוצא מזה — אַז מיר שטייען ניט פאַר אַ *געזעלשאַפטלעך-טעכנישער אונטערנעמונג*, וואָס איז מעגלעך, ביים אַנטשפּרעכנדיקן גוטן ווילן, גלייך, אוממיטלבאַר, בידים דורכצופירן אין לעבן, נאָר פאַר אַ *היסטאָרישער פּאָלקסבאַוועגונג*, וואָס דאַרף אַרומנעמען און דורכדרינגען דאָס גאַנצע זיין און וועזן פון פּאָלק, די פילפאַכע וועגן פון זיין לעבן און אַנטוויקלונג.

ווי געזאָגט, האָט מען פון אָנהויב נאָך ניט אָפּגעגעבן זיך וועגן דעם אַ גענויעם דין וחשבון, ס'איז נאָך ניט דערגאַנגען צום קלאָרן באַוווסטזיין, ס'איז געווען בלויז אַ מטושטשער געפיל, וואָס האָט דאָך אין די רייען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג געזייט עפּעס אומצופרידנקייט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין איר, אין דער באַוועגונג, עפּעס אַ פּוסטקייט, דאָס פעלן פון לעבעדיקער אָרגאַנישער אַרבעט, וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיט דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, מיט די פאַרשיידנאַרטיקע פּראָצעסן פון טאָג-טעגלעכן לעבן און קאַמף. ס'איז אויפגעשוואומען די באַקאַנטע פראַגע וועגן אַ *געגנוואַרטס-פּראָגראַם*, וואָס זאָל צוזאַמענבינדן דעם ווייטן מאָרגן מיט דעם צאַפּלדיקן היינט, דעם צוקונפט-אידעאַל מיט דער געגנוואַרטס-פּראַקטיק. און צוזאַמען מיט דעם האָט זיך אין דער ציוניסטישער באַוועגונג געמוזט אָנהויבן אַ דיפערענצירונגס-פּראָצעס, לויט די פאַרשיידענע גרופּן און שיכטן, וואָס זיינען אין איר פאַרטראָטן. אויף אָט דעם פלאַך פון געגנוואַרטס-אַרבעט, פון די לעבעדיקע, קאָנקרעטע אינטערעסן און באַדערפענישן דאָ, אויף די ערטער אין גלות, האָבן זיך דייטלעך אָנגעמערקט די פאַרשיידענע שטרעמונגען אין ציוניזם — די אָרטאָדאָקסאַל-מזרחיסטישע, די בעלי-הבתיש-משכילישע, ד"ה די חבת־ציון־אחד-העמיסטישע, און די נעפּלהאַפטיקע, צעשוווּמענע „דעמאָקראַטישע פּראַקציע”, וואָס האָט אַרומגענומען הויפּטזעכלעך די ברויזנדיקע, פון צייט־גייסט געכאַפּטע שטודירנדיקע יוגנט.

איבערהויפּט האָבן זיך געמוזט אויסטיילן פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער מאַסע די מער אָדער ווייניקער שאַרף אויסגעשפּראָכענע *ראַדיקאַלע עלעמענטן און די אַרבעטער גרופּן*. אויפן דאָזיקן באָדן פון טאָג-טעגלעכן לעבן און קאַמף זיינען ביי זיי פיל בולטער ווי ביי די

אנדערע שיכטן ארויסגעטראטן די באזונדערע אינטערעסן און באדערפעגישן, וואס האבן אומבאדינגט נויטווענדיק געמאכט די בילדונג פון ספעציעלע ארבע-טער־ארגאניזאציעס, וועלכע זאלן אט די אינטערעסן און באדערפענישן ארום-נעמען, פארטיידיקן און קעמפן פאר זייער באפרידיקונג. מ'דארף נאך געדענקען, אז דאס איז געווען א צייט פון רעוואלוציאנערן בארג-ארויף, ווען די געזעל-שאפטלעכע אטמאספער אין רוסלאנד איז געווען אנגעזאפט מיט רעוואלוציא-נערע שטימונגען, און באזונדערס אויף דער  יידישער  ארבעטער־גאס האט געקאכט און געשטורעמט. דער „בונד" האט אויפגערודערט די יידישע ארבע-טערשאפט, געשטעלט פאר איר גרויסע און וויכטיקע אויפגאבן, כסדר גערופן צו אקטיוון קאמף, צו רעוואלוציאנערע מעשים. און ס'איז דעריבער אוממעגלעך געווען אויסצומיידן די אלע פראגן, וואס זיינען ארויסגעשווומען פאר דער יידי-שער ארבעטער-באוועגונג, און ניט נעמען קיין באשטימטע שטעלונג צו זיי.

די לאגע פון די ארבעטער־גרופן מיט דער ראדיקאלער אינטעליגענץ אין דער שפיץ, וואס האבן זיך דא און דארט אויסגעטיילט פון דער ציוניסטישער מאסע און געבילדעט ספעציעלע ציוניסטישע ארבעטער-ארגאניזאציעס אונטערן אלגעמיינעם נאמען „פועלי-ציון", איז געווען אומגעהייער פארוויקלט און קאמ-פליצירט. זיי האבן זיך געפונען פאר א שרעקלעך פארפלאנטערטן קנויל פון טעארעטישע פראבלעמען און פראקטישע אויפגאבן, אין וועלכע זיי האבן זיך געמוזט פונאנדערקלייבן און אויסארבעטן א מער וויייניק קלארע און באשטימטע באציונג צו זיי. זיי האבן געמוזט ברעכן דעם מוח איבערן סינטעז צווישן דער ציוניסטישער און סאציאליסטישער קאנצעפציע, צווישן נאציאנאלן און סאָ־ציאלן מאמענט, צווישן פאלקס-איינהייט און קלאסן-קאמף; זיי האבן געמוזט אויסזוכן דעם בריק, וואס זאל פאראייניקן די געגנווארטס-ארבעט, דעם קאמף דא, אויפן ארט, אין גלות, מיטן צוקונפטס־אידעאל, וואס דארף פארווירקלעכט ווערן דארט, אין אייגן לאנד. און אט דעם גאנצן פארוויקלטן קאמפלעקס פון פראבלעמען און אויפגאבן האבן זיי נעדארפט פארענטפערן אליין, מיט די איי-גענע כוחות, ניט האבנדיק פאר זיך כמעט קיין פארגייער און וועג-ווייזער. ניט נאר די רוסישע סאציאל־דעמאקראטיע, נאר אפילו דער יידישער „בונד" האבן פון אזעלכע אויסשליסלעכע טעארעטישע און פראקטישע שוועריקייטן ניט גע־ווסט. פאר זיי איז די זאך געווען ניט אן ערך פשוטער און קלארער.

און א באזונדערס שווערן  ק א מ ף  האבן זיי, די יונגע פועלי-ציוניס-טישע ארגאניזאציעס, געהאט אויסצושטיין פון אלע זייטן, אויף אלע פראנטן. מיקא, פון דער רוסלענדישער סאציאל־דעמאקראטיע שוין אפגערעדט: זי האט פארוים זיי ארויסגעטראגן דעם הארבסטן פסק-דין פון „לא יבוא בקהל", אויף אייביק זיי פארמשפט, אלס קליינבירגערלעכע נאציאנאליסטן, וואס מ'טאר זיי פאר קיין פאל ניט ארויפלאזן אפילו אויפן שוועל פון סאציאליסטישן היכל. און די רוסלענדער סאציאל-דעמאקראטיע האט דאן פארמאגט אין די אויגן פון דער יידישער ארבעטערשאפט דעם העכסטן סאציאליסטישן אויטאריטעט, אלס די טרעגערין און אויסטייטשערין פון קאנסעקווענטן, שטרענג-אויסגעהאלטענעם, רע-

וואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. נאָר דער עיקר האָבן זיי געמוזט אויסהאַלטן דעם אומאויפהערלעכן אָנגריף מצד דעם „בונד“, וואָס האָט דאַן באַהערשט די יידישע אַרבעטער-גאַס, באַוויזן צו פאַרנעמען אַלע וויכטיקע פּאָזיציעס, האָט שוין פאַרמאָגט רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע טראַדיציעס, דערפאַרונגען, אַ פעסט אָרגאַניזירטע צוזאַמענגעשלאָסענע פּאַרטיי, אַ גלענצנד דיסציפּלינירטן און פאַרצווייגטן פּאַרטיי-אַפּאַראַט און איז דערצו שוין געווען אָנערקענט פון דער אויסערער סאָציאַליסטישער וועלט, פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער משפּחה. און אַט דעם אומגלייכן קאַמף מיט דעם שטאַרקן, באַוואָפנטן געגנער איז אויסגעקומען צו פירן כסדר, טאָג איין, טאָג אויס, און פנים אל פנים, איבער דער גאַנצער ליניע פון פראָנט. און געפירט איז ער געוואָרן מיט דער גאַנצער ספּעציפישער ליידנשאַפט פון יידישן סאַנגווינישן טעמפּעראַמענט.

אין אַזוינע דורכויס אומגינסטיקע תנאים האָבן זיך געפונען די ערשטע פועלי-ציוניסטישע שפּראָצונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אין 1901 יאָר אומגעפער, און דאָך שוין אין 1902-1903 יאָר זיינען זיי אויסגעוואַקסן אין גאַנץ היפּשע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע פונקטן פון ליטע, דרום-רוסלאַנד און טיילווייז אויך אין פּוילן. מערסטנטייל האָבן זיי געפירט אַן אָפּגעזונדערטע עקזיסטענץ, אָן שום צוזאַמענבונד צווישן אַנאַנד. יעדערע האָט פאַר זיך, אויף איר אייגענעם שטייגער, אַליין געפּרוווט שאַפן די טעאָריע און פּראַקטיק פון דער יונגער באַוועגונג. ביי דער פּאַרוויקלטקייט פון די פּראָבלעמען און אויפגאַבן, וואָס זיינען פאַר זיי געשטאַנען, ביי דער אומצייטיקייט פון געדאַנק און פעלן פון דערפאַרענע אָנפירנדיקע כוחות, איז זיך לייכט פאַרשטעלן דעם טעאָרעטישן און פּראַקטישן מישמאַש, וואָס האָט דאָרט געהערשט די ערשטע צייט. נאָר ניט אַזוי די פּראַקטיק, ווי איבערהויפּט די טעאָריע איז אָפּט פול געווען מיט ווידערשפּרוכן, פּלפּול, גריבלערייען און סברות גלאַט אין דער וועלט אריין. צווישן די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען גרינדלעכע חילוקי-דעות מכוח די וויכטיקסטע פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק. אין אַלגעמיין דאַרף אָנגעוויזן ווערן אויף די פאָלגנדיקע הויפּט-ריכטונגען, וואָס האָבן דאַן געהערשט צווישן זיי.

אַלע זיינען געווען דורכויס אייניק אין דער פראַגע פון סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן ע נ ד צ י ל. כמעט אַלע האָבן אָנערקענט דעם סאָציאַליזם, אין דער מאַרקסיסטישער אויפפאַסונג, אַלס די ראַדיקאַלע לייזונג פון דער סאָציאַלער פּראָבלעם, און דאָס אויפלעבן פון יידישן פאָלק אין זיין אייגן לאַנד, אַלס די איין-איינציקע לייזונג פון דער יידן-פראַגע. אַלע זיינען אויך מער אָדער ווייניקער אייניק געווען אין דער שטרענג נעגאַטיווער באַציונג צום גלות. פון אים, פון גלות הייסט עס, האָבן מיר גאָרניט וואָס צו דערוואַרטן, דאָ זיינען די יידישע מאַסן פאַרמשפּט צו מאַטעריעלער און גייסטיקער אַנטאַרטונג. אַלע האָבן גלייך אָנגענומען די באַקאַנטע טעאָריע וועגן דער אוממעגלעכקייט פאַר די יידישע מאַסן אין גלות צו פּראָלעטאַריזירן זיך, איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער

ארבעט. לויט אַט דער טעאָריע, וואָס צוערשט האָט זי פאָרמולירט, דוכט זיך, א. טשעסקעס, דערנאָך האָט זי אַנטוויקלט נ. שטיף און שפּעטער האָט זי באַגרינ־דעט יעקב לעשצינסקי אין זיין בוך „דער יידישער אַרבעטער", קומט אויס, אַז די יידישע דורכויס שטאַטישע באַפעלקערונג, וואָס באַשטייט אין איר איבערוויגנ־דיקער מערהייט פון לופט־מענטשן און קליינבירגער, ווערט אומפאַרמיידלעך מיט דער וויטערער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אַרויסגעשטויסן פון די עקאָנאָ־מישע פּאָזיציעס און געצוואונגען צו פּראָלעטאַריזירן זיך. אָבער אין דער זעלבער צייט זיינען פאַר זיי די טויערן פון די פאַבריקן דורכויס פאַרמאַכט אַדאַנק דער קאָנקורענץ פון דער פיזיש, גייסטיק און היסטאָריש מער צוגעפּאַסטער פאַר דער פאַבריק דאָרפישער באַפעלקערונג, וואָס פליסט כסדר פון דאָרף אין שטאָט אריין. די יידישע מאַסן פון מזרח־איירופּע זיינען בכן געצוואונגען צו פאַרלאָזן די איינ־געזעסענע ערטער און צו עמיגרירן אין אַנדערע לענדער, איבערהויפּט עבר לים, אָבער אויך דאָרט ווערן זיי ניט צוגעלאָזן אין די צווייגן פון דער הויכער אינ־דוסטריע און ווערן אַרונטערגעשטויסן אין די נידעריקסטע שטופן אירע, אַזוי צו זאָגן, אין דער אינדוסטריעלער פּעריפעריע, ווו עס הערשט די אומברחמנות־דיקע עקספּלואַטאַציע פון דער שוויץ־סיסטעם. אויף אַזאַ אופן איז פאַר זיי דאָ נאָר איין איינציקער אויסוועג — דאָס איז אויפהערן צו קלייבן ברעקלעך פון אַ פרעמדן ווירטשאַפטלעכן טיש און בויען אַן אייגענע ווירטשאַפט אין אייגן לאַנד.

דאָס זיינען געווען אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס, אין מער אָדער ווייניקער אַנטוויקלטער און דורכגעטראַכטער פאָרם, די אַ ל ג ע מ יי נ ע י ס ו ד ו ת פון דער פּועלי־ציוניסטישער וועלט־אַנשויונג. און ווייטער — האָבן זיך שוין אָנגעהויבן גאַנץ וועזנטלעכע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. צוויי הויפּט־פּונקטן, צוויי עיקרים האָבן דאַן, אין 1903־טן יאָר, געבילדעט, אַזוי צו זאָגן, דעם סלע המחלוקת צווישן די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס. דאָס זיינען געווען ד י פ ר א ג ן װ ע ג ן פּ אָ ל י ט י ש ן ק א מ ף א ו ן ט ע ר י ט אָ ר י א ל י ז ם אָ ד ע ר פּ א ל ע ס ט י נ י ז ם.

די פראַגע וועגן פּאָליטישן קאַמף איז דאַן געווען אַ העכסט אַקטועלע און ברענענדיקע פראַגע. די דונערן פון רעוואָלוציאָנערן ווולקאַן, וואָס האָט אין אַ פּאָר יאָר אַרום אויסגעבראָכן, האָבן זיך שוין דאַן גאַנץ דייטלעך געלאָזט הערן. דער רעוואָלוציאָנערער דראַנג האָט אַרומגעכאַפּט אַלע מער אָדער ווייניקער ראַדיקאַל געשטימטע שיכטן, איבערהויפּט איז די יידישע באַפעלקערונג ביז נאָר אויפגעטרייסלט געוואָרן פון רעוואָלוציאָנערן צאָרן און האָט זיך ממש געריסן אין קאַמף. אין אַזאַ מין אַטמאָספער איז מער ווי נאַטירלעך, אַז אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, צו וואָס פאַר אַ ריכטונג זיי זאָלן ניט געהערן, זאָל די פראַגע וועגן פּאָליטישן קאַמף אַוועקגעשטעלט ווערן אין צענטער.

אויך די פראַגע וועגן פּאַלעסטיניזם אָדער טעריטאָריאַליזם האָט דאַן, נאָכן 6־טן קאָנגרעס, אויף וועלכן ס'איז פּלוצלינג אַרויסגעשוומען דער באַרימטער אוגאַנדע־פּראָיעקט, פאַרנומען דעם צענטראַלן אָרט אין דער ציוניסטישער באַ־

וועגונג. נאָר אויב ביי די אַלגעמיינע ציוניסטן איז די פראַגע אָפט פאַרשמירט און פאַרמאַסקירט געוואָרן דורך דער באַקאַנטער פאָרמל וועגן אוגאַנדע אַלס ציטוויילִיקן מקום-מקלט, אַלס „נאַכט-אַזיל“, איז אָבער אין די אַרבעטער-קרייזן די פראַגע גלייך אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער פּרינציפּיעלער הויך און האָט אַרויסגערופן אַ ליידנשאַפטלעכן אידעיִשן קאַמף.

אין דער פראַגע וועגן פּאָליטישן קאַמף האָט די קאָנסעקווענטע שטרענג-נעגאַטיווע פּאָזיציע פאַרנומען די אַזוי גערופענע „מ י נ ס ק ע ר ר י כ ט ו נ ג“. די מינסקער פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען איינע פון די גרעסטע און באַדייטנדיקסטע. נאָך אין 1902 יאָר האָט זיך איר איינגעגעבן צו שאַפן אַ מין צענטער, וואָס אין זיין שפּיץ זיינען געשטאַנען: י. בערגער, א. רובענטשיק, א. לאַפּידעס, חייקע קאַהאַן און נאָך, און וואָס אונטער זיין ווירקונגס-קרייז האָט זיך געפונען, חוץ דער מינסקער אָרגאַניזאַציע, אויך די אָרגאַניזאַציעס אין באָברויסק, גראָדנע, ביאַליסטאָק, באָריסאָוו און טיילווייז ווילנע. זיי זיינען אייגנטלעך גאָר ניט ווייט אַוועק פון דער אַלגעמיין-ציוניסטי-שער אידעאָלאָגיע, און מ'דאַרף זאָגן, אַז ביי דעם דורכויס פּעסימיסטישן אויס-זיכטסלאָזן קוק אויפן גלות, אויף די טעגלעכע דערגרייכונגען דאָ פאַר די יידישע מאַסן, וואָס האָט דאַן געהערשט צווישן די פּועלי-ציון, איז אַזאַ שטאַנדפּונקט, אַזאַ נעגאַטיווע באַציונג צום פּאָליטישן קאַמף געווען לאָגיש-אויסגעהאַלטן. דער פּאָליטישער קאַמף האָט געפאָדערט אומגעהייערע כחות-אָנשטרענגונג און קאָלאָ-סאַלע קרבנות, ובכן, צוליב וואָס מאַכן אַזאַ אָנשטרענגונג און ברענגען אַזוינע קרבנות, אַז סיי ווי סיי וועט די פּאָליטישע פרייהייט און די דעמאָקראַ-טיזירונג פון לאַנד ווייניק וואָס געבן די יידישע מאַסן? און בכלל, האָבן זיי גע-טענעט, מ'שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ ווערט און באַטייט ס'קען האָבן די יידי-שע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט? די שוואַרצע כוחות נוצן דאָס אויס נאָר אויף צו קאָמפּראָמיטירן די אַ ל ג ע מ יי נ ע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. נאָר דער ציוניזם וועט ברענגען די אמתע אויסלייזונג פאַר די יידישע מאַסן, ובכן דאַרפן אַלע כוחות קאָנצענטרירט ווערן נאָר אויף דעם איינעם פּונקט און טאָרן ניט פאַרשוויענדט ווערן אויף זייטיקע, פרעמדע צילן און אויפגאַבן. און ערשט דאָרט, אין אייגן לאַנד, ווען דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך געפינען אין נאָרמאַלע לעבנס- און אַנטוויקלונגס-תנאים, וועט ער קענען פירן אַ געזונטן און פּראָדוקטיוון קלאַסן-קאַמף און שטרעבן צו דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַ-ליזם. דאָס אַלץ שליסט אָבער ניט אויס דעם ע ק אָ נ אָ מ י ש ן קאַמף, דורך שטרייקן וכדומה, אויף צו פאַרבעסערן, ווי ווייט ס'לאָזט זיך, די לאַגע פון די אַרבעטער, ס'דאַרף נאָר קיין שייכות ניט האָבן צו קיין שום פּאָליטיק און ניט זיין געווענדט קעגן דער רעגירונג. פאַרקערט, דורך דעם, וואָס ס'וועט באַזייטיקט ווערן די פּ אָ ל י ט י ק , וועט דער ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר קאַמף זיין נאָר דערפאָלגרייכער. אין דעם זינען זיינען די מינסקער פּועלי-ציוני-זייער נאָענט געשטאַנען צו דער „באַרימטער“ מינסקער „אומאָפּהענגיקער פּאַר-טיי“, צו די אַזוי גערופענע „לעגאַליזאַטאָרן“ אָדער „זובאַטאָווצעס“, און אין אַ

געוויסער מאָס האָבן זיי זיך טאַקע געפונען אונטער דער אידעאָלאָגישער השפעה פון די לעצטע.

דעם קעגנגעזעצטן שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע וועגן פּאָליטישן קאַמף האָבן פארטראָטן די אָרגאַניזאַציעס אין דרום-רוסלאַנד מיט דער קאַטערינאָ־סלאַווער אין דער שפּיץ און טיילוויז אויך די דווינסקער אָרגאַניזאַציע. אין דרום-רוסלאַנד האָט די פּועלי-ציוניסטישע באַוועגונג געהאַט אַ גינסטיקערן באָדן פאַר איר אַנטוויקלונג איידער אין ליטע און פּוילן. דאָרט האָט דער „בונד" צו יענער צייט ערשט אָנגעהויבן זיין אַרבעט, נאָך ניט באַוויזן צו פאַר־שפּרייטן זיין העגעמאָנישע הערשאַפט איבער דער יידישער אַרבעטער-גאַס און צו פאַרנעמען די וויכטיקסטע, צענטראַלע פּאָזיציעס. אַ גאַנץ אינטענסיווע אַרבעט האָט דאָרט געפירט די רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און האָט גע־האַט היפּש דערפאָלג אין די רייען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, אַדאַנק דעם וואָס די יידישע מאַסע איז דאָרט מער רוסיפיצירט, ווי אין ליטע און פּוילן. אָבער דאָך האָט אַ יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַרויסגערוקט דעם נאַציאָנאַל-יידישן מאָמענט, געשטעלט שאַרף די ביי אונדז אָנגעווייטאָקטע נאַציאָנאַלע פראַגע, פאַרמאָגט אַ באַדייטנדיקע צוציונגס־קראַפט און האָט דעריבער אַרומגענומען פיל פרישע, זאַפטיקע רעוואָלוציאָנערע כוחות פון דער אַרבעטערשאַפט, אַזוינע, וואָס אין ליטע און פּוילן זיינען זיי שוין געווען פריער פאַרכאַפּט פון „בונד". אַט אַזוי האָבן זיך אין דרום-רוסלאַנד, איבערהויפּט אין קאַטערינאָסלאַוו און אין אַרומיקן ראַיאָן, אין דעם באַדייטנדיקן אַרבעטער-צענטער פון דרום, אויסגעבילדעט גאַנץ גרויסע, רעוואָלוציאָנער גע־שטימטע, פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אונטער דער אָנפירונג פון שמעון דאָבין, מאַטעס לעווקאָווסקי און אַנד'. די פראַגע וועגן דער נויטווענדיקייט צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין קאַמף פאַר פּאָליטישער באַפרייונג האָבן זיי פאַר זיך פאַרענטפערט ניט אַזוי אויפן סמך פון לאָגישע באַווייזן, פון סאָציאָלאָגישער באַגרינדונג, ווי דורך געזונטן, אוממיטלבאַרן פּראָלעטאַריש-רעוואָלוציאָנערן אינ־סטינקט. זיי האָבן דערפילט בחוש די גאַנצע אומנאַטירלעכקייט, אוממעגלעכ־קייט צו בלייבן שטיין פאַסיוו ,אָן דער זייט, ווען עס דאַרף באַשלאָסן ווערן דער גורל פונם גרויסן לאַנד, ווען די זעקס-מיליאָניקע יידישע באַפעלקערונג ווערט דערשטיקט אונטערן דרוק פון דעספּאָטישן רעזשים, פון דער ווילדסטער אומבאַ־גרענעצטער זעלבסטהערשונג, און מיטן גאַנצן רעוואָלוציאָנערן אימפּעט האָבן זיי זיך געוואָרפן אין קאַמף.

צווישן אָט די ביידע שאַרף אויסגעשפּראָכענע עקסטרעמע ריכטונגען האָבן זיך געפונען פאַרשיידענע קאָמפּראָמיס-שאַטירונגען מיט אַ גרעסערער נטיה צו דעם אָדער צו יענעם צד.

אין דער פראַגע וועגן פּאַלעסטיניזם אָדער טעריטאָריאַליזם האָט זיך דווקא די מינסקער ריכטונג אומדערוואַרט געשטעלט אויפן אויסגעהאַלטענעם טעריטאָ־ריאַליסטישן שטאַנדפּונקט. אומדערוואַרט איז עס געווען דערפאַר, ווייל דער טעריטאָריאַליסטישער שטאַנדפּונקט האָט זיך דאַן גערעכנט פאַר אַ סימן פון

גרעסערן ראַדיקאַליזם, פון מער רעוואָלוציאָנערן אַרט דענקען און האָט באַטייט די באַפרייונג פון נאַציאָנאַלן ראָמאַנטיזם. אָבער פון דער אַנדערער זייט, איז דער טעריטאָריאַליסטישער שטאַנדפּונקט אַזוי פּרימיטיוו, פּשוט און קלאָר, אַז פאַר אַן אַ ר ב ע ט ע ר - אָרגאַניזאַציע איז זייער שווער געווען אויסצומיידן אים. פאַר די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אין אויג ניט די יידישקייט- און רוח-היהדות-פּראָבלעם, נאָר בלויז די אינטערעסן און באַדערפענישן פון די פּילמי-ליאָניקע פאָלקס־מאַסן — און דאָס איז געווען דער אידעאָלאָגישער יסוד פון אַ ל ע פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס — פאַר זיי האָט געקענט די פראַגע באַשטיין איינציק און אויסשליסלעך אין שאַפן אַ טעריטאָריאַלן באָדן פאַר אַ פרייען, נאָרמאַלן לעבן און אַנטוויקלונג פון אָט די פאָלקס-מאַסן, אַלץ איינס, ווו די טעריטאָריע זאָל זיך ניט געפינען. איז פּאַלעסטינע דערפאַר די פּאַסיקע טעריטאָריע — איז מה טוב, אויב אָבער עס ווייזט זיך אַרויס ,אַז די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געאָגראַפישע תנאים אין פּאַלעסטינע זיינען אומגינסטיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די גרויסע טעריטאָריאַליסטישע צוועקן, אָדער מאַכן אפילו די דאָזיקע פאַרווירקלעכונג אינגאַנצן אוממעגלעך — דאַן דאַרף מען זיך דורכוים אָפּזאָגן פון פּאַלעסטינע און זוכן אַן אַנדערע, מער צוגעפּאַסטע טערי־טאָריע. זאָל דאָס זיין אוגאַנדע, אַרגענטינע אָדער ערגעץ אַנדערש-ווו. קעגן אָט דער פּשוטער און קלאָרער לאָגיק איז, אַרויסגייענדיק פון דער אַלגעמיין אָנגע-נומענער פּועלי-ציוניסטישער קאָנצעפּציע, שווער געווען וואָס צו זאָגן. און דאָך האָבן דוקא די מער ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע דרום-אָרגאַניזאַציעס תחילת שמאָל און אייזן געשטאַנען פאַר פּאַלעסטינע קעגן אוגאַנדע און אַלע אַנדערע טעריטאָריעס. נאַטירלעך, אויך זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פונם ריינעם טעריטאָריאַליסטישן פּרינציפּ, זיי האָבן אָבער איינגעפונען, אַז די פאַרווירקלע־כונג פון טעריטאָריאַליזם איז מעגלעך נאָר אין פּאַלעסטינע. אמת, די באַגרינ־דונג איז ביי זיי געווען אַ גאַנץ מטושטשע און צווייפלהאַפטע, ס׳איז אָבער ביי זיי געווען מער אַ זאַך פון געפיל איידער פון לאָגיק. דוקא ביי די מער רוסי־פיצירטע דיוומדיקע מאַסן איז די נאַציאָנאַלע אויפוואַכונג געווען מער פאַרבונדן מיט נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק, וואָס האָט געדרייצט דעם געפיל און פאַנטאַזיע, איידער ביי די אין „יידישקייט“ איינגעטונקענע, אין זייער נאַציאָנאַלן „זיין“ פעסטע ליטווישע מאַסן. פון די ליטווישע אָרגאַניזאַציעס איז בלויז די וויטעב-סקער און טיילווייז די ווילנער געשטאַנען אויפן פּאַלעסטינישן שטאַנדפּונקט.

## 2. צוויי פאַרקאָנפערענצן

אין אַזאַ צושטאַנד פון אידעישער צעשפּליטערונג האָבן זיך די פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס געפונען אין 1903 יאָר, ווען די נויטווענדיקייט זיך צוזאַמענצורעדן, אויסאַרבעטן, ווי ווייט עס לאָזט זיך, אַ געמיינזאַמע פּלאַט-פאָרם און שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן צוזאַמענבונד איז אויף אַזויפיל צייטיק געוואָרן, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען די זאַך ווייטער צו פאַרציען. און חוה״מ

פסח 1903 טרעפן מיר אין ראָוונע די ערשטע בעראַטונג, וואָס איז זיך צונויפגעקומען צוליב אָט דעם צוועק. אין דער בעראַטונג האָט זיך באַטייליקט דער עיקר שטודירנדיקע יוגנט: די קיעווער סטודענטן — נחום שטיף, פנחס דאַשעווסקי, בעני פרידלאַנד (מיטגלידער פון דער ציוניסטישער סטודענטן־גרופּע „סדימה"), אברהם קונין פון ווילנער אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון, שמואל וויינצווייג פון ראָוונע, זלמן מייזנער פון וואַרשע, ל. ב. טשעסקעס און משה זילבערפאַרב, דאַן אַ מיטגליד פון בערלינער גרופּע „חירות".

דער שעפער פון דער גרופּע „חירות" איז געווען ד"ר נחמן סירקין. אַ רעוואָלוציאָנערע נאַטור און אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט און דערצו אַ הייסער ציוניסט, האָט ער נאָך מיט יאָרן פריער געפּריידיקט אין די אויסלענדישע סטודענטישע קאָלאָניעס די אידעען פון סאָציאַליסטישן ציוניזם, פאַרעפנטלעכט וועגן דעם אַ בראָשור אין דייטש אונטער דעם פּסעוודאָנים „בן אליעזר", האָט אָבער לאַנג ניט געפונען קיין שום אָפּקלאַנג, און ערשט אין די יאָרן 1901-1902 האָט זיך אים איינגעגעבן צוצוציען צו זיינע אידעען אייניקע פריש אָנגעקומענע סטודענטן פון רוסלאַנד, צווישן זיי וו. לאַצקי און מ. זילבערפאַרב, און האָט געגרינדעט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּע „חירות". 1)

אויף דער ראָוונער בעראַטונג איז אָבער זילבערפאַרב געווען ניט אַלס פאָרשטייער פון „חירות", וואָס איז דאַן אין רוסלאַנד נאָך גאַנץ ווייניק באַקאַנט געווען, נאָר אַלס צופעליקער גאַסט.

די בעראַטונג האָט באַשלאָסן צוצוגרייטן און צונויפרופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע אָנגעזעענע פּועלי־ציוניסטישע טוער, כדי צו באַהאַנדלען די וויכטיקסטע פראַגן פון ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּראָגראַם און טאַקטיק. חוץ די מיטגלידער פון דער בעראַטונג האָבן זיך אין דער געפּלאַנטער קאָנפערענץ געזאָלט באַטייליקן: ש. דאָבין, יעקב לעשצינסקי, מ. ליטוואַקאָוו, ש. כאַסידאָוו, פאָרשטייער פון די גרעסטע פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, און לויטן פאָרשלאַג פון מ. זילבערפאַרב — צוויי פאָרשטייער פון „חירות" — ד"ר נ. סירקין און וו. לאַצקי. ס'איז אָנגעמערקט געוואָרן דער פאָלגנדיקער סדר־היום פון דער קאָנפערענץ:

1) ציוניזם פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפונקט. אויף דער טעמע האָבן געזאָלט אַרויסטרעטן עטלעכע פאָרטרעגער, איינער פון זיי — ד"ר נ. סירקין;

2) די שטעלונג צום „בונד" און צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (רעפערענט נ. שטיף);

3) די שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און צו דער יידישער בפרט ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן (רעפערענט מ. זילבערפאַרב);

---

1) „באַזונדער רייך אין צאָל — שרייבט וועגן איר זילבערפאַרב אין זיינע זכרונות „די גרופּע וואָזראַזשדעניע" (רויטער פּנקס 1) — איז זי אפילו אין די גליקלעכסטע יאָרן ניט געווען. די בערלינער גרופּע, וועלכע איז געווען די שטאַרקסטע, האָט געציילט אַ מענטשן 10, די איבעריקע גרופּן צוזאַמען אויך אַזויפיל".

4) אָרגאַניזאַציע־פראַגן.

די באַראַטונג האָט אויסגעקליבן אַן אָרגאַניזיר-ביוראָ, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע טעכניש צוצוגרייטן די קאָנפערענץ.

אומאָפּהענגיק פון דער ראָוונער באַראַטונג איז אין אַ פּאָר חדשים אַרום, אין יוני 1903, פאָרגעקומען אַן אַנטשפּרעכנדע באַראַטונג אין ווילנע, וווּ ס'האָבן זיך באַטייליקט: פון ווילנע — אברהם קונין, ב. זעליקאָוויטש, מענדל קאַנטאָר און נאָך אַ פּאָר, פון מינסק — א. רובענטשיק, בערגער און לאַפּידוס, פון דווינסק — אלטער יפה און זלמן אבראַמסאָן, פון וואַרשע — יעקב לעשצינסקי און שלמה זוסמאַן און נאָך איינציקע פאָרשטייער פון באָברויסק, האָמעל, מאָהילעוו, קרעסלאַווקע, קאָוונע, גראָדנע, לידע.

„אויף דער באַראַטונג, שרייבט איינער פון אירע אָנטיילנעמער ב. זעליקאָוויטש אין זיינע זכרונות „צו דער פאָרגעשיכטע פון ס"ס" (רויטער פּנקס 1), האָבן צווישן זיך געקעמפט גאַנצע דריי ריכטונגען. די ערשטנדיקע ריכטונג, פאַרטיידיקט דורך רובענטשיקן, איז געווען די מינסקער, וועלכע מיר האָבן שוין אויבן כאַראַקטעריזירט. אחוץ די מינסקער דעלעגאַטן גופא האָט זי געהאַט אָנהענגער ביי אַ מינדערהייט ווילנער, ביי די מאָהילעווער, דעם באָבּרויסקער, דעם גראָדנער און, דוכט זיך, אויך ביי דעם לידער.

„די צווייטע ריכטונג איז געווען די דווינסקער, רעפּרעזירט דורך אַלטער יפה, דעם מחבר פון דער פריער אין דווינסק שוין ערשינענער (ליטאָגראַפירטער) בראָשור „די עיקרים פון ציוניזם פאַר יידישע אַרבעטער". די דאָזיקע ריכטונג איז שוין געווען אַן אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטישע, האָט אָנערקענט ביי יידן אַ קלאַסן־צעטיילונג מיט קעגנזעצלעכע קלאַסן-אינטערעסן, האָט געפירט אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע. זי האָט אָבער פאַרנומען אַ וואַקלדיקע פּאָזיציע בנוגע דער פראַגע פון פּאָליטישן קאַמף. סימפּאַטיזירנדיק שטאַרק מיט דער רוסלענדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט זי אָבער געהאַלטן, אַז די נוצן, וואָס די רוסלענדער רעוואָלוציע וועט ברענגען דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, זיינען ניט אַזוי גרויס, אַז ער זאָל מיט דער גאַנצער אַקטיוויקייט זיך וואַרפן אין קאַמף. די מאָס פון דער רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויקייט דאַרף דעריבער אין יעדן איינציקן פאַל זיין אָפּהענגיק פון די נוצן, וואָס דער אַקט ברענגט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

„צו דער דווינסקער — אָדער „ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער" ריכטונג האָבן געהערט חוץ די דווינסקער דעלעגאַטן אויך אַ טייל ווילנער, דער קאָוונער, קרעסלאַווקער און, אויף וויפיל איך געדענק, אויך דער האָמלער דעלעגאַט.

„די דריטע, די לינקסטע ריכטונג, האָט ניט געהאַט קיין „טעריטאָריאַלן" נאָמען, זי האָט געהייסן די „פּע-קאַ־ישע", ד"ה די ריכטונג, וואָס פאַרטיידיקט פּאָליטישן קאַמף (פּ. ק.).

„די הויפּט-דיסקוסיע איז פאָרגעקומען צווישן ביידע עקסטרעמע פליגלען — דעם „מינסקער" און דעם „פּע־קאַ-ישן".

„ניט ביי יידן דארף מען פריידיקן דעם רעוואָלוציאָנערן קאמף — געדענק איך, האָט זיך געבייזערט רובענטשיק — וואָרום וואָסער ייד איז דאָס ניט קיין רעוואָלוציאָנער? אָבער וואָס פאר א ווערט האָט דער יידישער רעוואָלוציאָנערער קאמף, בעת אז יידן זיינען א מינדערהייט און יידישע ארבעטער ארבעטן בלויז אין דער קליינער פראָדוקציע? איצט מוז מען קאָנצענטרירן אַלע כוחות פון יידישן פאָלק אויף א י ן אויפגאבע — פארווירקלעכן דעם ציוניזם, ערשט דערנאָך וועלן מיר זיך קענען נעמען צום קאמף פארן סאָציאַליזם, צו דער אמתער יידישער רעוואָלוציע.

„אויף קונינס טענות, אז מ'טאָר ניט בלייבן קיין גלייכגילטיקער צוקוקער, בשעת עס גייט א קאמף צווישן דעם צאריזם און פראָלעטאריאט, האָט ער געענטפערט: אין אַנטשיידענעם מאָמענט, בעת אויף די גאסן וועלן שוין שטיין באַריקאדעס, עס וועט שוין גיין אַן אוממיטלבארער קאמף פאר א דעמאָקראטישער רעפובליק, וועט מיין אָרט זיין בלי ספק אויף דער באריקאדע, אָבער ביז דאַן וועט נאָך אַוועקגיין ניט איין צענדליק פון יאָרן, און אָנשטאָט אזא לאַנגע צייט צו פארנעמען זיך מיט דער אומפּרוכטבארער ביי יידן רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאגאַנדע דארפן מיר בעסער אָפּגעבן די כוחות פארן ציוניזם.

„ניט קוקנדיק אויף דער גאַנצער אגיטאציע פון די „פּע-קאָ־יסטן", האָבן זיי מער ווי דריי שטימען (קונין, לעשצינסקי, זוסמאַן) ניט געקענט אויפקלייבן. דער גרעסטער מערהייט דעלעגאטן האָט פּסיכאָלאָגיש געשטערט אָנצונעמען דעם פּאָליטישן קאמף... דער „בונד". זיי האָבן געטענעט: אויב מיר זאָלן אָננעמען דעם אקטיוון פּאָליטישן קאמף, איז וואָס פאר א חילוק וועט בלייבן צווישן אונדז און דעם „בונד"?

„די ווילנער באראטונג, דערציילט וויטער ב. זעליקאָוויטש, האָט קיין דירעקטע רעזולטאטן ניט געגעבן. אמת, פאָרמעל איז אויסגעקליבן געוואָרן א צענטער, וואָס האָט פּרעטענדירט אויף אַלרוסלענדישקייט, אָבער אזוי ווי ער האָט געהאט א מערהייט פון דער רעכטער „מינסקער" ריכטונג (און דערצו נאָך איז זיין זיץ-אָרט טאַקע אויך געווען אין מינסק), האָט ער ניט ארויסגערופן קיין צוטרוי ביי די איבעריקע צוויי ריכטונגען (די „פּע־קאָ-יעניקעס" זיינען, אגב, שוין לכתחילה ניט אריין אין מינסקער צענטראַל־ביוראָ).

„דער אויסגעקליבענער אויספיר-אָרגאַן איז דעריבער פאקטיש פארבליבן אַ ריין פּראקציאָנעלער צענטער, וואָס האָט גרופירט בלויז די רעכטע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן שפּעטער געבילדעט די „יידישע טעריטאָריאַליסטישע ארבעטער־פּארטיי" („יעטאָפּיסטן" אָדער „מינסקער פּועלי־ציון").

„די לינקע אָרגאַניזאַציעס — די דווינסקער און די „פּע-קאָ-יסטישע" — האָבן זיך איבערצייגט, אַז מיט די „מינסקער" וועלן זיי זיך ניט צונויפריידן און האָבן דעריבער אָנגעהויבן זוכן מיטלען, ווי אזוי צונויפצוזאמלען בלויז די ל י נ־ק ע ארבעטער־ציוניסטישע עלעמענטן".

א גרויסע באדייטונג פאר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער לינקער ריכטונג אין דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג האָט געהאט די קאָנפערענץ,

וואָס אויף דער ראָוונער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן זי צונויפצורופן און וואָס איז ווירקלעך פאָרגעקומען אין קיעוו, אין האַרבסט 1903. זי איז באַוווּסט אונטערן נאָמען „די וואָזראָזשדעניע-קאָנפערענץ".

## 3. די וואָזראָזשדעניע-קאָנפערענץ און די צוויי גרונד-קאָנצעפּציעס — די ס"ס-ישע און די י"ס-ישע

פון דער דאָזיקער באַראַטונג ביז דער וואָזראָזשדעניע-קאָנפערענץ אין קיעוו, חוה"מ סוכות 1903, איז דורכגעגאַנגען אַ האַלב יאָר. פאַר דער צייט זיינען פאָרגעקומען אייניקע שינויים אין געפּלאַנטן באַשטאַנדטייל פון דער קאָנפערענץ. איינער פון די אָנטיילנעמער אין דער באַראַטונג פּנחס דאַשעווסקי, וואָס איז אַליין דווקא געווען קעגן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, האָט געמאַכט אַן אָנפאַל אין פּעטערבורג אויפן באַוווּסטן קעשענעווער אַנטיסעמיט און פּאָגראָם-אידעאָלאָג קרושעוואַן און מיט אַ פּינישן מעסער לייכט פאַרוווּנדעט אים אין האַלז. דאָס באַווייזט, דרך אגב, אויף דער אַלגעמיינער שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין דער יידישער גאַס. „דאַשעווסקיס אָנפאַל, שרייבט מ. זילבערפאַרב אין זיינע זכרונות וועגן דער וואָזראָזשדעניע-קאָנפערענץ (רויטער פּנקס 1), מאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף אַלע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט, אָבער צוליב דעם, וואָס דער אָנפאַל איז אונטערגענומען געוואָרן פון אַ יחיד און אויף זיין אייגענער אחריות, און טאַקע מהאי־טעמא איז ער געווען שלעכט אָרגאַניזירט אין אַלע הינזיכטן, ברענגט דערצו, אַז גראָד אין די אַקטיווע אַרבעטער-קרייזן האָט ער ניט אַרויסגערופן דעם געוווּנטשענעם פּאָליטישן רעזאָנאַנס. דאָס ווידער האָט געפירט דערצו, וואָס מ'איז סוף כל סוף געקומען צום געדאַנק, אַז אונדזער רעוואָלוציאָנער-פּאָליטישער קאַמף דאַרף געפירט ווערן ניט דורך אינדיווידועלע אַקטן פון נקמה אָדער פּראָטעסט, נאָר אין דער פאָרם פון מאַסן־אַרויסטרעטונגען. „וואָס פאַר אַ מוסר דאַרפן מיר זיך אַראָפּנעמען פון פּנחס דאַשעווסקיס אַטענטאַט?" — שטעלט שטיף די פראַגע אין אַ בראָשור (אין רוסיש), וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זומער 1903, און קומט צום איינציק מעגלעכן אויספיר, אַז מיר מוזן זיך שטעלן אויפן רעוואָלוציאָנערן וועג אין קאַמף מיטן צאַרישן רעזשים... די בראָשור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן ניט פון אָרגאַניזיר־ביוראָ פון דער קאָנפערענץ, וועלכער האָט דערויף קיין פולמאַכט ניט געהאַט, נאָר פון נ. שטיף און ב. פרידלאַנדן פערזענלעך מיט אונדזער וויסן. אויפן שער-בלאַט איז געווען אָנגעוויזן, אַז זי ווערט אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע „מאָלאָדאַי איזראַיל"".

מיט ענלעכע אידעען האָב אויך איך זיך דאַן אַרומגעטראָגן. ניט האָבנדיק קיין אַנונג וועגן דער דאָזיקער בראָשור, האָב איך אָנגעשריבן אַ מין פּאַרטיי-פּלאַטפאָרם, וווּ איך אַנטוויקל דעם זעלבן געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן די יידישע מאַסן אויפן באָדן פון רעוואָלוציאָנערן פּאָליטישן קאַמף. איך האָב זיך דאַן געפונען אין כאַרקאָוו, פאַרקערט איבערהויפּט אין די קרייזן

פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישער, דאַן שטרענג קאָסמאָפּאָליטישער. שטודירנדיקער יוגנט, ווו איך בין, דוכט זיך, געווען דער איינציקער פּאַרטייד׳יקער פון דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָב איך קיין שייכות ניט געהאַט, באַצויגן זיך צו איר אין יענער צייט גאַנץ נעגאַטיוו, און דעריבער געהאַט אַ גאַנץ שוואַכן באַגריף אפילו וועגן די ראַדיקאַלע און פּועלי־ציוניסטישע שטרעמונגען.

אַמאָל אין אַ זומער-טאָג איז צו מיר אַריינגעקומען ספּעציעל דורכשמועסן זיך אַ סטודענט פון כאַרקאָווער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַ לינקער, רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסטיש געשטימטער ציוניסט־וו. פ אַ ב ר י ק אַ נ ט. נאָך אַ גאַנץ לאַנגן שמועס, בשעת ער האָט זיך באַקאַנט מיט דער פּלאַטפאָרם, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, און דורכויס מיט איר איינגעשטימט, און פון דער אַנדער זייט, מיך אינפאָרמירט וועגן די לינקע שאַטירונגען אין ציוניזם און אויך וועגן דער קיעווער גרופּע „מאַלאַדאַי איזראַיל", באַשליסן מיר גלייך צו פאָרן קיין קיעוו. דאָרט טרעפן מיר זיך מיטן אָרגאַניזיר־ביוראָ פון דער קאָנפערענץ, וואָס איז באַשטאַנען פון נחום שטיף, בעני פרידלאַנד און יוסף ברעגמאַן, און מיר ריידן זיך גיך צוזאַמען. פאַבריקאַנט ווערט צוגע־צויגן צו דער אַרבעט פון אָרגאַניזיר-ביוראָ און מיר ווערט איבערגעגעבן צוצו־גרייטן פאַר דער קאָנפערענץ דעם פאָרטראָג אויף דער טעמע: „סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם".

צו דער קאָנפערענץ זיינען צוגעצויגן געוואָרן נאָך צוויי מיטגלידער, וואָס די ראָוונער באַראַטונג האָט ניט פאַרויסגעזען. דאָס איז — ד"ר ל. מאַנדעלבערג און מ. ב. ראַטנער. דער ערשטער איז געווען זייער אַן אָנגעזעענער קיעווער יידישער כלל־טוער, נאַציאָנאַל און ראַדיקאַל געשטימט, וואָס האָט געהאַט נאָענטע פאַרבינדונגען מיט דער העכערער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ. אַדאַנק אים האָט זיך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן די שטרענג אומלעגאַלע קאָנפערענץ אויפן בעסטן אופן, די זיצונגען זיינען פאָרגעקומען אין אַזוינע סאַלאָנען, ווי ביים פראַנצויזישן קאָנסול אין קיעוו וכדומה. אַ גרויסער געווינס פאַר דער קאָנ־פערענץ איז געווען מ. ב. ר אַ ט נ ע ר, וואָס האָט שוין דאַן געשפּילט איינע פון די אָנפירנדיקע ראָלן אין די רייען פון קיעווער ראַדיקאַלער און רעוואָלוציאָ־נערער אינטעליגענץ. אַ גלענצנדער אַדוואָקאַט (שפּעטער שטאַרק באַרימט גע־וואָרן דורך זיין אָנטייל אין פאַרשיידענע פּאָליטישע און פּאָגראָם־פּראָצעסן), אַ מענטש מיט גרויסע פעיקייטן, מיט אַ סך ווישן אין עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פראַגן, אַ פּאָלענטפּולער פּובליציסט, אַ מיטאַרבעטער פון דעם זייער חשובן און אין ראַדיקאַלע קרייזן פּאָפּולערן זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", — האָט ראַטנער אונדז, נאָך „גאַנץ רויע" יונגעלייט, סטודענטן און עקסטערנעס, זייער אימפּאָנירט. ביז דעם קעשענעווער פּאָגראָם איז ער געשטאַנען גאַנץ ווייט פון יידישן לעבן, געווען דורכגעדרונגען מיט דער אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע, ראשו ורובו אַריינגעטאָן אין די פראַגן פון רוסישן סאָציאַל-פּאָליטישן קאַמף. דער קעשענעווער פּאָגראָם האָט געמאַכט אויף אים אַ געוואַלדיקן רושם און

ארויסגערופן אַ געוויסע איבערקערעניש אין זיינע שטימונגען און אָנשויונגען. דאָס האָט אויסגענוצט דאָס אָרגאַניזיר־ביוראָ פון דער קאָנפערענץ און צוגע־צויגן אים צו דער זאַך.

פון דער אַנדער זייט, זיינען מחמת פאַרשיידענע סבות ניט געקומען אויף דער קאָנפערענץ אייניקע פון די געפּלאַנטע טיילנעמער, ווי יעקב לעשצינסקי, משה ליטוואַקאָוו, ש. כאַסידאָוו, י. ברעגמאַן און נ. סירקין. דעם לעצטן האָט זיך ניט איינגעגעבן באַצייטנס דורכצוגיין אומלעגאַל די גרענעץ, און י. ברעג־מאַנען האָט די זשאַנדאַרמעריע מיט אַ פּאָר טאָג פאַר דער עפענונג פון דער קאָנפערענץ אַרעסטירט. אויף אַזאַ אופן האָבן אין דער קאָנפערענץ גענומען אָנטייל פאָלגנדיקע פּערזאָנען: זלמן אַבראַמסאָן (שפּעטער באַוווסט אין דער ס"ס־ישער פּאַרטיי ווי זלמן דער דווינסקער), שמעון דאָבין, שמואל וויינצווייג, משה זילבערפאַרב, אַלטער יפה (שפּעטער מיטגליד פון צ. ק. פון ס"ס), וו. לאַצקי (בערטאָלדי), ל. מאַנדעלבערג, וו. פאַבריקאַנט, בעני פרידלאַנד, מ. ראַטנער, נ. שטיף, זלמן (אַן אַרבעטער פון דווינסק, וועמענס פאַמיליע־נאָמען איך גע־דענק ניט) און איך. פאַרשטייער פון פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען דאָרט געווען נאָר אַלטער יפה און די ביידע זלמנס פון דווינסק. טיילווייז קען מען רעכענען פאַר אַ פאַרשטייער פון פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציעס אויך שמעון דאָבין, הגם ער האָט קיין פאָרמעלע פולמאַכטן ניט געהאַט דערויף און איז דאָרט געווען בלויז פּערזענלעך פאַרטראָטן, ער איז דאָך פאַקטיש געווען איינער פון די שעפער פון פּועלי־ציוניזם אין קאַטערינאָ־סלאַווער ראַיאָן און האָט אויסגעדריקט די פּועלי־ציוניסטישע שטימונגען. פון די אַנדערע קאָנפערענץ־מיטגלידער זיינען אייניקע, ווי ראַטנער, מאַנדעלבערג און איך, ביז דאַן גאָר פרעמד געווען דעם פּועלי־ציוניזם, און די איבעריקע זיינען אידעיש נאָענט געשטאַנען צו אים, האָבן אָבער ניט געאַרבעט אין זיינע רייען. דאָך איז די גרעסטע מערהייט פון די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ שפּע־טער געוואָרן די אָנפירער פון צוויי באַדייטנדיקסטע פּאַרטייען — ס"ס און י"ס — וואָס האָבן זיך אַרויסגעקריסטאַליזירט און אויסגעטיילט פון דער אַלגע־מיינער פּועלי-ציוניסטישער באַוועגונג. און שוין דאָ אויף דער קאָנפערענץ האָבן זיך גאַנץ שאַרף אָנגעמערקט די כאַראַקטעריסטישע גרונדליניעס פון די צוויי אין תוך אַריין טיף פאַרשיידענע ריכטונגען.

די קאָנפערענץ האָט זיך געעפנט מיטן פאָרטראָג פון נ. שטיף „וווהין גייען מיר? 1), ווו ער האָט געוואָלט שאַפן אַ מין סינטעז צווישן ציוניזם און בונדיזם. ער האָט זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז די אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן פירט צו דעם, מיר זאָלן קעמפן פאַר קולטורעלע אויטאָנאָמיעס אין די גלות־לענדער, ווו מיר וועלן תמיד פאַרבלייבן מינדערהייטן, און פאַר אַ טעריטאָריאַלער אויטאָ־נאָמיע ערגעץ אין אַ לאַנד (אין פּאַלעסטינע אָדער ערגעץ אַנדערשוואו), ווו מיר וועלן בילדן אַ מערהייט. אין בעסטן פאַל וועט דער טעריטאָריאַלער צענטער אָפּ־ציען אַ קליינעם טייל יידן, די גרויסע מערהייט וועט בלייבן אויף שטענדיק אין

1) ז. וויייטער — די אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן“.

די אלטגעזעסענע ערטער, ובכן מוז דאָ געפירט ווערן אַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט.

שטיפט שטאַנדפּונקט האָט קיינעם ניט באַפרידיקט, מ'איז אויף אים אָנגעפאַלן פון אַלע זייטן, מ'האָט אויפגעוויזן, אַז דאָס איז קיין שום סינטעז ניט צווישן ציוניזם און בונדיזם, ס'פעלט דער אָרגאַנישער צוזאַמענבונד צווישן די ביידע קאָנצעפּציעס, און דער עיקר, אַז זיין שטאַנדפּונקט באַטייט אין עצם אַ פולער אָפּזאָג פון טעריטאָריאַליזם, ווייל אויב דער טעריטאָריאַליזם פאַרענטפערט ניט די יידן-פראַגע, די גלות-פּראָבלעם, און שאַפט בלויז אַ מין מקלט בטוח פאַרן רוח היהדות, פאַרלירט ער פאַר אונדז יעדן זין און ווערט.

אין צענטער פון די ויכוחים אויף דער קאָנפערענץ זיינען געשטאַנען די פאָלגנדיקע גרונד-פּראָבלעמען: די באַגרינדונג פון טעריטאָריאַליזם פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, די באַציונג צו דער געגנוואַרט-פראַגע, צום פּאָליטישן קאַמף און דער צוזאַמענבונד צווישן אָט דער געגנוואַרט און דעם טעריטאָריאַליסטישן ענדציל. און דאָ, אין די ויכוחים, האָבן זיך שוין דאַן גאַנץ קלאָר אַרויסגעוויזן די צוויי דורכוים פאַרשיידענע קאָנצעפּציעס: פון איין זייט, לאָמיר עס אַזוי אָנרופן, די קינעטיקע ס"ס-ישע קאָנצעפּציע, און פון דער אַנדער זייט — די קינפּטיקע י"ס-ישע, סיימיסטישע. די ערשטע האָט פאַרטיידיקט אין זיינע גלענצנדיקע, טעמפּעראַמענטפולע רעדעס וו. לאַצקי (און אים האָבן אויך אונטערגעהאַלטן די דווינסקער דעלעגאַטן), די צווייטע איז אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן די חברים פון דער צוקונפטיקער רעדאַקציע „וואָזראָזשדעניע".

ווייטער וועל איך פּרווון איבערגעבן דאָ דעם תמצית פון אָט די צוויי קאָנצעפּציעס, אַזוי ווי זיי האָבן זיך אויסגעפורעמט צום מאָמענט פון דער אויסבילדונג פון די צוויי פּאַרטייען.

אונדז אַלעמען האָט פּאַראייניקט די באַדערפעניש סאָציאַלאָגיש צו באַגרינדן דעם טעריטאָריאַליזם, דער עצם זוכן, די שטרעבונג צו אַזאַ באַגרינדונג. „דער אָפיציעלער ציוניזם", באַמערקט מיט רעכט זילבערפאַרב אין זיינע זכרונות „די גרופּע וואָזראָזשדעניע" (רויטער פּנקס 1), „האָט קיין באַגרינדונג ניט באַדאַרפט און ניט געזוכט. אַלע נאָרמאַלע לעבנדיקע פעלקער האָבן זייער טעריטאָריע און מלוכה-אָרגאַניזאַציע, ובכן דאַרף דאָס יידישע פאָלק, כדי צו קומען צו אַ נאָרמאַל לעבן, שאַפן פאַר זיך אַן „עפנטלעך-רעכטלעך געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינע", — דאָס איז געווען דער תמצית פון באַזעלער ציוניזם, ער איז געווען אויפגעבויט אויף ריין לאָגישע, אַבסאָלוט, אָבער ניט סאָציאָלאָגישע הנחות, מ'האָט זיך ניט באַמיט אָנווייזן אויף די היסטאָרישע פּערספּעקטיוון און סאָציאַלע כוחות, וואָס דאַרפן פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניסטישן אידעאַל. אין בעסטן פאַל האָט מען זיך געשטיצט אויף מאָראַלישע סברות, מ'האָט זיך פאַרלאָזט אויף פעלקער-גערעכטיקייט, אויפן יושר פון דער וועלט און אויף דיפּלאָמאַטישע קונצן. אַזאַ „געשיכטע-פילאָסאָפיע" האָט ניט געקענט באַפרידיקן די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע טוער, וואָס זיינען שוין מער-ווייניק געווען באַקאַנט מיט די

עיקרים פון מארקסיזם אין דער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג פון דער גע-שיכטע".

לאַצקי האָט געפּרוווט געבן אַ ריין עקאָנאָמישע, אַ כמו מארקסיסטישע באגרינדונג פון טעריטאָריאַליזם. ער האָט זיך דאן געפונען אונטער דער אויס-שליסלעכער השפּעה פון ד"ר סירקינס אידעען, וועלכע ער, סירקין, האָט אַנט-וויקלט אין די אָקאָרשט ארויסגעלאָזענע זאמלביכער „המון" אין יידיש און „השחר" אין העברעיש.

איך וועל דאָ ברענגען פאָלגנדיקע אויסצוגן פון זיין רעדע, לויט דעם אין יאָר 1904 פארעפנטלעכטן אומלעגאַלן באריכט פון דער קאָנפערענץ „וואָזראָזש-דעניע":

„פאַר דער יידישער מאַסע אין גלות עקסיסטירן ניט ניט קיין נאציאָנאַלע און ניט קיין סאָציאַליסטישע אידעאַלן, וואָס איר זאָל דאָרט אויסקומען צו פאַר-ווירקלעכן. נאציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אָן אַ טעריטאָריע באַטייט פאַר יידן אַ באַ-גריף אָן אַן אינהאַלט, אַ פּאָליטישע פאָדערונג אָן אַ רעאַלן באזיס. דאָס קען נאָר פארטונקלען דאָס אויפגעוואַכטע נאציאָנאַלע באוווסטזיין, וואָרום יענע עלעמענטן פון נאציאָנאַלן לעבן, וואָס זיינען נאָך פארבליבן ביים יידישן פאָלק, ווי למשל די שפּראַך, שיריים פון נאציאָנאַל־רעכט און נאציאָנאַלע געזעלשאַפט-לעכע איינריכטונגען, זיינען בלויז ירושות פון רעכטלאָזיקייט און גלות און וועלן פארשווינדן, ווי נאָר זיי וועלן קומען אין בארירונג מיט די פּאָליטישע און קול-טורעלע לעבנס-פאָרמען פון די שכנישע שטאַרקע פעלקער. די נאציאָנאַלע פּראָבלעם ביים יידישן פאָלק אונטערשיידט זיך פון דער נאציאָנאַלער פּראָבלעם ביי אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער דערמיט, וואָס איר ערשטער הויפּט-פּונקט דאַרף זיין די קאָנצענטרירונג פון צעזייטע און צעשפּרייטע מאַסן אויף אַ באַ-שטימטער טעריטאָריע. און דעריבער בילדן מיט זיך אַלע נאציאָנאַלע פאָדע-רונגען, וואָס איגנאָרירן אָט די הויפּט-אויפגאַבע, נאָר לופט-שלעסער, פּראָדוקטן פון תלמודישן פּלפּול"...

„און ווירקלעך, ווען עס איז ניטאָ קיין נאציאָנאַלע עקאָנאָמיק און פּאָליטיק, פארליהט די נאציאָנאַלע קולטור דעם לעבנס-נערוו און שטעלט מיט זיך פאָר נאָר אַ מין מקום מקלט פאַר מער אָדער ווייניקער טיפע איבערלעבונגען פון אַמאָליקער נאציאָנאַלער פּראַכט. דאָס איז געשען טאַקע ביי די דייטשע יידן, וואָס זייער נאציאָנאַליזם דריקט זיך אויס נאָר אין דער שאַפונג פון חכמת היהדות, ד"ה אין דעם, וואָס מ'שטעלט אויף אַ דענקמאָל פאַר אַ פאָלק אַ בר-מינן. וועגן אַזאַ מין דענקמאָל אָדער וועגן אַזאַ מין „במקום" פון נאציאָנאַלן לעבן האָבן רוסישע יידן אָנגעהויבן צו חלומען אין די זעכציקער יאָרן, און ניט געקוקט דערויף, וואָס אָט די „באַלזאַמירער" פון יידישן פאָלק האָבן אַצונד פארלאָרן זייער השפּעה אויף די יידישע מאַסן, רייסן זיך דאָך דורך דאָ און דאָרט זייערע שטימען דורך אַ דובנאָוון און די „בעלי וואָסכאָד" בכלל און גע-פינען זייער אָפּקלאַנג אין טעאָריע און פּראַקטיק פון אחד־העמען. אַ אידעאַל פאַרן גלות קען זיין נאָר איינער — אַ ס י מ י ל אַ צ י ע , ד"ה דורכדרינגען

זיך מיט דער רוסישער קולטור. די דאָזיקע אידעאָלאָגיע אַנטשפּרעכט צום בעסטן יענער עקאָנאָמישער פונקציע, וואָס יידן וועט אויסקומען אויסצופילן נאָך דער דערגרייכונג פון גלייכבארעכטיקונג.

„די טענדענץ פאר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די יידן אין רוס־לאַנד קען מען לייכט פּראָגנאָזירן על פּי אַנאַלאָגיע מיט דער פּאראַלעליסטישער עקאָ־נאָמישער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון די מערב־אייראָפּעישע יידן און מיט די ערשטע טריט פון אַן ענלעכער עוואָלוציע אין די לענדער און אַמעריקאַנער געטאָס... אונטערשיידן קענען זיין נאָר אין כמות, אָבער ניט אין איכות. נאָכדעם ווי די יידן וועלן באַקומען גלייכבארעכטיקונג, וועלן די בורזשואַזע פּראָפעסיעס, אָנגעהויבן פון פינאַנציעלע און געענדיקט מיט ריין אינטעלעקטועלע, בילדן פאַר יידן אַלס שטאַטישע איינוווינער די ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד. יידן וועלן ניט קענען ביישטיין די קאָנקורענץ ביי פיזישער ארבעט, זיי וועלן אָבער דערפאַר ווערן נויטווענדיק אויפן געביט פון גייסטיקער טעטיקייט... דאָס יידישע פאָלק וועט פאַרמאָגן אַ גינסטיקן באָדן פאַר אויסבילדונג פון סאָציאַליסטן־אינטעלי־גענטן, אָבער אין קיין פאַל ניט פאַר שאַפן אַ יידישע סאָציאַליסטישע ארמיי. די סיבה ליגט אין דעם, וואָס עס פעלט ביי אונדז דער עקאָנאָמישער באַזיס פאַר דער אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם, פּונקט ווי ער איז ניט בנמצא אין דער איצ־טיקער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג... אין יענע פּראָדוקציע־צווייגן, אין וועלכע ס׳איז אַצונד באַשעפטיקט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, קען ער ניט ווערן קיין עכטער טרעגער פון סאָציאַליזם. דער יידישער סאָציאַליזם, להיפוך צום דייטשן און אפילו רוסישן, איז מער אַ טעאָרעטישער, גענומען פון ביכער איידער פון דער ווירקלעכקייט... דער סאָציאַליזם פאַרשפּרייט זיך אַזוי לייכט צווישן דער יידישער האַרעפּאַשנער מאַסע אַדאַנק איר אַנטוויקלטן אינטעלעקט און באַפעסטיקט זיך אויפן באָדן פון רעוואָלוציאָנערן געפיל, וואָס האָט זיינע טיפע וואָרצלען אין דער רעכטלאָזער לאַגע פון יידישן פאָלק... נאָך דער באַזיי־טיקונג פון דער זעלבסטהערשונג, נאָך דעם ווי יידן וועלן באַקומען גלייכבאַ־רעכטיקונג, וועט פאַרשווינדן דער הויפּט־מקור פון יידישן סאָציאַליזם — דער רעוואָלוציאָנערער געפיל. אַסימילאַציע און די צווייטע זייט פון אָט דער מטבע — רוסישער בורזשואַזער פּאַטריאָטיזם וועלן בילדן די הערשנדיקע אידעאָלאָגיע פון יידישן פאָלק.

„היוצא מזה, אַז די אַזוי גערופענע געגנוואַרט־פּראָגראַם קען אין בעסטן פאַל האָבן אַ באַדייטונג פון אַ פּאַליאַטיוו אָן ברייטע אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע אי־דעאַלן און קען ניט ענדערן די אומנאָרמאַלע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון יידישן פאָלק — אָט דעם הויפּט־מקור פון אונדזערע צרות“.

נאָך קאָנקרעטער דריקט אויס דעם זעלבן געדאַנק דער דווינסקער דעלע־גאַט א ל ט ע ר י פ ה (אין באַריכט באַצייכנט אַלס אָפּאָנענט **B**):

„פאַר דער יידישער האָרעפּאַשנער מאַסע קען די דערגרייכונג פון וועלכע ניט איז רעכט אין גלות ניט בילדן קיין אידעאַל, וואָרום די בירגערלעכע גלייכבאַ־רעכטיקונג, וואָס באַזייטיקט דעם פּאָליטישן תחום־המושב, לאָזט איבער ניט

גערירטערהייט דעם עקאָנאָמישן תחום, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן, ער איז אומאָפּהענגיק פון יורידישע פּאָרמולירונגען. די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסע האָט דאָס באַוווּסטזיין, אַז אפילו די סאַמע ברייטסטע רעכט קענען ניט פאַרלייכטערן איר דעם איבערגאַנג צו פּראָדוקטיווע אַרבעטס-צווייגן, אַז דער וועג צו לאַנד־ווירטשאַפט און פאַבריק-אינדוסטריע וועט פאַר איר זיין פאַרשטעלט אויך נאָך דעם, ווי זי וועט באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג. ס׳איז בלויז געגוג אַנצוווייזן אויפן לעבן פון די יידן אין גאַליציע, רומעניע, ענגלאַנד און אַמעריקע און אין באַקאַנטן תחום-המושב, ווו יידן, ניט געקוקט אויף דער גלייכבאַרעכטיקונג, ווערן אַרויס־געשטויסן דורך נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ פון דאָס רוב פּראָדוקטיווע אַרבעטס-צווייגן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן ביי זיי על פּי טראַדיציע“.

„פון דער אַנדער זייט, זאָגט ווייטער לאַצקי, שאַפט זיך אַ מין אוניע צווי־שן ציוניזם און אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם, וואָרום וואָס אייגנטלעך איז די נאַציאָנאַלע באַוועגונג אויב ניט אַ שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען דאָס קאַפּיטאַ־ליסטישע פאָלק par exellence אין אַ פּראָדוקטיוו פאָלק... מיט אַנדערע ווערטער — ציוניזם איז די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אין יידישן פאָלק.“

ווי אַזוי זשע אָבער וועט פאָרקומען די פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַ־ליזם, די שאַפונג פון אַ קאָנצענטרירטן יידישן ישוב אויף אַ באַזונדער טעריטאָ־ריע?

אַרויסגייענדיק פון דער אַלגעמיינער הנחה, אַז אין די עמיגראַציע-פּראָ־צעסן גופא ליגן באַהאַלטן די אַלע כוחות און פאַקטאָרן, וואָס וועלן פירן דערצו, האָט מען דאָך איבער דעם פונקט, דעם סאַמע שווערסטן און הארבסטן אין דער ס"סישער טעאָריע, שפּעטער פיל געבראָכן די מוחות אין די ס"סישע רייען. אַ סך שאַרפזין איז אָנגעווענדט געוואָרן, אויף צו דערווייזן און אויפקלערן, ווי אַזוי פּאָרט וועט דער עמיגראַציע-פּראָצעס, פון זיך גופא, אויף אַ ריין סטיכישן אופן, אומפאַרמיידלעך פירן צו דער טעריטאָריאַליסטישער קאָנצענטראַציע, אויף וואָס פאַר אַן אופן וועלן געשאַפן ווערן די נויטיקע קאַפּיטאַלן דערצו וכדומה. איין צייט איז געווען צוגעטראַכט אַ טעאָריע, אַז די ענגלישע און אַנדערע קאַפּי־טאַליסטן, וואָס האָבן שוין ניט ווו אַהינצוטון זייערע וואַקסנדיקע אומגעהייערע קאַפּיטאַלן, אויסער קאָלאָניזאַציע פון נייע לענדער, וועלן אויסנוצן צוליב דעם צוועק דעם יידישן עמיגראַציע־שטראָם. נאָך דעם איז מען געקומען צום אויספיר, אַז די נויטיקע קאַפּיטאַלן וועלן געשאַפן ווערן גופא אין פּראָצעס פון עמיגראַציע. ווייל, כידוע, פאַרשווענדן די יידישע עמיגראַנטן קאָלאָסאַלע סומעס, וואָס גייען לאיבוד אַ דאַנק דעם, וואָס די עמיגראַציע קומט פאָר כאַאָטיש, ניט אָרגאַניזירט, און ווי נאָר מען וועט אריינברענגען אַ סדר, ס׳וועט זיך איינגעבן די עמיגראַציע־סטיכיע צו באַהערשן און אריינגעמען צו זיך אין די הענט, וועט מען קענען אויס־נוצן אָט די גרויסע לאיבוד-גייענדיקע קאַפּיטאַלן צוליב קאָלאָניזאַציע-צוועקן. נאָר דאָ בין איך אַביסל פאַרלאָפן פאָרויס, אויף דער קאָנפערענץ איז מען נאָך אַזוי ווייט ניט אַוועק.

דאָרט האָט לאַצקי בנוגע אָט דער קאַרדינאַלער פראַגע אַן ווייטערע חקירות דערקלערט:

„מ'דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דער טשאַרטער, צו וועלכן די ציוניסטן שטרעבן, שטעלט מיט זיך פאָר אַזאַ פּאָליטישן ווידערשטאַנד־מינימום, וואָס די יידן אַפילו אין די סאַמע פריסטע לענדער קענען גאָר וועגן דעם ניט חלומען. דער טשאַרטער בילדעט פאַר די עמיגראַנטן די גאַראַנטיע פאַר פולער פרייהייט פון טעטיקייט און חוץ דעם פאַרברייטערט ער באַדייטנדיק דעם מאַרק פאַר כלערליי אַרבעט... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וועט אין אַ גרויסער מאָס פאַרשטאַרקן דעם אימיגראַציע-שטראָם. חוץ דעם האָט דער 6-טער קאָנגרעס באַוויזן, אַז די ציוניסטן זיינען גרייט אָנצווענדן די עקאָנאָמיש און טעכניש פולקומענסטע סיסטעמען פון קאָלאָניזאַציע (אָפּענהיימערס קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס, וואָס שליסן אויס דעם גרויס-גרונדבאַזיץ, מאַכן מעגלעך אַ מער קאָמפּאַקטע קאָלאָניזאַציע און דערביי זאָל איינגעפירט ווערן אין געהעריקער מאָס די גרויסע קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפט), און ענדלעך האָט די ציוניסטישע באַוועגונג באַוויזן איינצוהאַמערן דעם יידישן פאָלק דעם געדאַנק, אַז די קאָנצענטרירטע עמיגראַציע אויף אַן אייגענער טעריטאָריע איז פאַר אים אַ לעבנס-אויפגאַבע, אַז פון דעם הענגט אָפּ זיין „זיין אָדער ניט זיין". זי האָט אויך באַשאַפן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס צוזאַמען מיטן אָנגעוויזענעם פּסיכאָלאָגישן פאַקטאָר וועלן זיי געבן דעם ציוניזם די מעגלעכקייט צו מאָביליזירן די מאַסע אינטעליגענטע און פינאַנציעלע כוחות און קאָנצענטרירן זיי אויף דער קאָלאָניזאַציע־אויפגאַבע".

ס'איז קלאָר נאָך דעם אַלעם, אַז די גאַנצע אַזוי גערופענע געגנוואַרטס-אַרבעט, דער סאָציאַל-פּאָליטישער קאַמף אויף די ערטער, אין די לענדער, ווו ס'געפינען זיך אַצינד די יידישע מאַסן, האָט קיין שום שייכות ניט צום טעריטאָריאַליסטישן ענדציל. דאָ האָבן מיר פאַר זיך צוויי לגמרי פאַרשיידענע פלאַכן, וואָס רירן בכלל ניט אָן איינע די אַנדערע. דעם פּאָליטישן קאַמף קעגן דער צאַרישער דעספּאָטישער הערשאַפט, אום צו פאַרטיידיקן אונדזער רעכט און אונדזערע אינטערעסן, דאַרפן מיר פירן, אַלס בירגער, אַלס מענטשן, ווי לאַנג מיר פאַרבלייבן נאָך דאָ, אין רוסלאַנד, דאָס קער זיך אָבער אויף קיין אופן ניט אָן מיט אונדזער טעריטאָריאַליסטישער אַרבעט און טעריטאָריאַליסטישע צוועקן.

אָט אָ די גאַנצע קאָנצעפּציע האָבן מיר, די פאַרשטייער פון דער קינפטיקער ס"ס-ישער ריכטונג, כמעט פון אָנהויב ביזן סוף אָפּגעוואָרפן. קודם כל האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז די טעריטאָריאַליסטישע אידעאָלאָגיע איז לויט איר עצם אַ ריין נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע. וויפיל איר זאָלט זיך ניט באַמיען אָפּצוטרייסלען זיך פון נאַציאָנאַלן מאָמענט, — האָבן מיר צו זיי געטענעט — פאַרדעקן און מאַסקירן אים דורך דער כלומרשט מאַרקסיסטישער פראַזעאָלאָגיע, באַנוצנדיק זיך אויסשליסלעך מיט ריין עקאָנאָמישע באַגריפן און טערמינען, וועט דאָך די נאַציאָנאַלע נאָדל כסדר אַרויסשפּאַרן פון אייער עקאָנאָמישן זאַק. אייך וועט זיך אויף קיין פאַל ניט איינגעבן אויסבאַהאַלטן זי, ווייל גופא דער עקאָנאָמישער

פאַקטאָר, אַט די אוממעגלעכקייט צו פּראָלעטאַריזירן זיך אין גלות, וואָס בילדעט דעם גרונד-יסוד פון אייער טעאָרעטישן בנין, איז דאָך ניט מער, ווי דער *קאָנקרעטער אויסדרוק* פון דער אַלגעמיינער אומנאָרמאַלער *נאַציאָנאַלער* לאַגע, אין וועלכער ס'געפינט זיך דאָס יידישע פאָלק. אויב פון דער אַלגעמיינער מאַסע לומפּנפּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דאָ אויף דער וועלט, טיילט איר דווקא אוים דעם *יידישן* המון, וואָס קען זיך ניט פּראָלעטאַריזירן, און שאַפט פון אים אַ *באַזונדער* פּראָבלעם, שטעלט אים *ספּעציעלע* צוועקן, איז וואָס באַצייכנט עס, אויב ניט דעם *נאַציאָנאַלן* מהות און *נאַציאָנאַלן* כאַראַקטער פון אַט דער פּראָבלעם און פון אַט די צילן? און — ס'איז כלל ניטאָ דערמיט וואָס צו שעמען זיך, ס'איז לחלוטין ניט נויטיק אויסצובאַהאַלטן דאָס.

אין מיין פאַרטראַג אויף דער קאָנפערענץ: „די ראָל פון קלאַסן און נאַציעס אין קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט" האָב איך זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט, פאַר זיך גענומען, די פרייע אַנטוויקלונג פון אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע קולטורן איז אין תוך אריין אַ פּאָזיטיווע, אַ פּראָגרעסיווע דערשיינונג, וואָס באַרייכערט און באַפרוכפּערט די אַלגעמיין מענטשלעכע קולטור, און בכן איז דווקא די אויפגאַבע פון יענע שיכטן און קלאַסן, וואָס פאַרקערפּערן אין זיך די אידעע פון פּראָגרעס, מיטצוהעלפן אַט דער פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון די אונטערדריקטע פעלקער. „*דער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע פרייהייט איז אַ קאַמף פאַר פולער, אַלזייטיקער אייגנאַרטיקער סאָציאַלער שאַפונג*" 1).

„מ'דאַרף זיך אַריבערטראָגן צו יענער צייט — באַמערקט זילבערפאַרב אין די דערמאָנטע זכרונות — צו דער אידעען-אַטמאָספער, אין וועלכער ס'האָט זיך אַנטוויקלט דער יונגער יידישער סאָציאַליסטישער געדאַנק, כדי צו באַגרייפן, ווי ווילד און אפּיקורסיש האָבן דעמאָלט געקלונגען די דאָזיקע פּשוטע געדאַנקען". און באמת, אויב אין דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע בכלל איז דער מאַרקסיזם דאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הייליקער דאָגמע, ווו די מינדעסטע קריטיק איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ חילול הקודש, פלעגט פאַנאַטיש גערודפט ווערן און איבער יעדן קוצו של יוד פון דער דאָגמע פלעגט מען זיך מפלפל זיין מיט עכט תלמודישער חריפות, איז אויף דער ברייטער *יידישער* אַרבעטער-גאַס דערצו נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס דער מאַרקסיזם איז האָרט שרעקלעך וווּלגאַריזירט געוואָרן; אָפט פלעגט עס דערגיין ביז צו אַן אמתער קאַריקאַטור. הימל און ערד און דאָס איבעריקע איז פון טייוול, און דער באַגריף „עקאָנאָמיק" פלעגט אַזוי פּרימיטיוו און פלאַטשיק אויסגע-

1) ס'איז כדאַי צו באַמערקן, דרך אגב, צוליב דער באַשולדיקונג, וואָס איז אונדז שפּעטער געמאַכט געוואָרן אין ס"ר-יזם, אין נטיה צו דער „נאַראָדניטשעסקער" אידעאָלאָגיע, אַז מיין פאַרטראַג איז געווען דורכויס געבויט אויף דער קעגנשטעלונג קעגן דער סאָציאָלאָגישער קאָנצעפּציע פון באַוווּסטן פּובליציסט-פילאָסאָף נ. ק. מיכאַילאָווסקי, איינעם פון די הויפּט-אידעאָלאָגן פון דער „נאַראָדניטשעסטווע".

טייטשט ווערן, אז ס'האט זיך באקומען אזוינס, וואס מארקסן און ענגעלסן האט זיך אפילו ניט געקענט חלומען... און היות ווי ביי מארקס-ענגעלסן איז דער נאציאנאלער מאמענט ניט אויפגעקלערט געווארן, ניט געבראכט געווארן אין חשבון, און די אויטאריטעטע „מפרשים“, ווי קאוטסקי, פלעכאנאוו א. אנד., האבן אים דורכויס געפסלט, איז קלאר, אז ביי די יידישע סאציאל-דעמאקראטן איז ער געוועזן חס מלהזכיר, טריף ביז גאר, און איבערהויפט ביי די יונגיטשקע מארקסיסטישע פועלי־ציון, וואס זיינען דאך געווען „נעאפיטן“ אין דער סאציאל-דעמאקראטישער וועלט, וועלכע האט גאר זיי ניט געוואלט אנערקענען, און אזוי איז שוין פון תמיד אן די פסיכאלאגישע טבע פון אזוינע נעאפיטן, אז מ'ווערט פויפסטלעכער פון פויפסט אליין.

אקעגן, מיר, די אזוי גערופענע „וואזראזשדענצעס“ און שפעטער די י"ס-ן, האבן כסדר אונטערגעשטרייכט דעם נאציאנאלן מאמענט, אנגעוויזן אויף זיין וואקסנדיקער ראל און באדייטונג, איבערהויפט אין דער מאדערנער קאפיטאליסטישער תקופה. קאוטסקים הנחה, וואס ער האט ארויסגעשטעלט אין איינעם פון זיינע ארטיקלען, אז די קאפיטאליסטישע אנטוויקלונג, וואס צעשטערט די גרענעצן צווישן פעלקער און מלוכות, שאפט אפ די נאציאנאלע מחיצות און גיסט צונויף די גאנצע מענטשהייט אין איין ווירטשאפטלעכן שטראם — פירט צו דער באזייטיקונג פון נאציאנאלע באזונדערהייטן און אייגנטימלעכקייטן, גרייט צו א מין אויסערנאציאנאלע צונויפמישעכץ, א מין קאסמאפאליטישע אמאלגאמע פון דער גאנצער מענטשהייט — אט קעגן דער אויבערפלעכלעכער, איינזייטיקער און דעריבער דורכויס פאנטאסטישער פארשטעלונג האבן מיר קעגנגעשטעלט דעם פאקטישן, רעאלן נאציאנאליזירונגס-פראצעס, וואס ווערט ארויסגערופן דווקא דורך דער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג; זי פירט ארויס אויף דער פאליטישער און געזעלשאפטלעכער ארענע די גרויסע פאלקס-שיכטן, פארטיפט און אינטענסיפיצירט זייערע פאליטישע און געזעלשאפטלעכע באציונגען, רוימט אפ פון וועג די פילפאכע צוימען און גרענעצן, וואס שטיקן דאס לעבן, פענטען די באוועגונג, און שאפט די פאליטישע און געזעלשאפטלעכע פרייהייטן, וואס בילדן דעם גרונד־יסוד פאר דער אנטוויקלונג פון געזעלשאפטלעכקייט בכלל און געבן די מעגלעכקייט די ברייטע פאלקס-שיכטן זיך צו ארגאניזירן, צוזאמענ־נעמען און פונאנדערוויקלען זייער מאסן-אקטיוויטעט און קאלעקטיווע זעלבסט-טעטיקייט. און ווען מאסן נעמען זיך צוזאמען, ווערן ארגאניזירטע און אקטיווע טרעגער פון געזעלשאפטלעך-פאליטישן פראצעס, מוזן גלייכצייטיק, האנט אין האנט מיט דעם, אנטוויקלען זיך די **נאטירלעכע נאציאנאלע פארמען פון זייער לעבן און שאפן**. דאס איז אן אלגעמיינער אוניווערסעלער סאציאלאגישער געזעץ, וואס אין דער געשיכטע פון דער מאדערנער מענטשהייט ווערט ער כסדר באשטעטיקט אויף שריט און טריט. דערמיט דערקלערן זיך הויפטזעכלעך די פארשיידענע נאציאנאלע באפרייונגס-באוועגונגען, די אויפבליונג פון די נאציאנאלע קולטורן, וואס איז כאראקטעריסטיש דווקא פאר דער קאפיטאליסטישער תקופה.

מ'דארף אבער האבן אין זינען, אז אט די געדאנקען, וואס שפעטער האט

זיי אזוי גלענצנדיק אנטוויקלט און באגרינדעט אזא סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אויטאָריטעט, ווי אָטאָ באוער, זיינען דאן נאָך גאַנץ ניי געווען. אָטאָ באוערס בוך „די נאציאָנאַלע פראגע און די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע“, וואָס האָט געגעבן אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישן, מאַרקסיסטישן הכשר אויפן נאַציאָנאַלן מאָמענט, איז דערשינען ערשט אין אַ פּאָר יאָר אַרום, און דאן, אין 1903—1905, האָבן מיר נאָך ניט געהאַט פאַר זיך קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן אויטאָריטעט, אַ בר-סמכה, אויף וועמען אָנצושפּאַרן זיך. מ'האָט אונדז דעריבער באַטראַכט ווי פּורצי גדר, פאַרפירטע און פאַרפירער, דעם חטא פון אונדזער אָפענער נאַציאָ-נאַלער אידעאָלאָגיע האָט מען אונדז ניט געוואָלט און ניט געקענט מוחל זיין.

חוץ דעם, איז דער עיקר אונטערשייד, מ'קען זאָגן, דער תהום צווישן אונדזערער און דער ס"ס-ישער קאָנצעפּציע געלעגן אין דער באַגרינדונג פון טעריטאָריאַליזם, אין דעם באַנעמען די וועגן, וואָס פירן צו זיין פאַרווירק-לעכונג. פאַר אונדז איז קלאָר געווען, אַז פון זיך אַליין, מיט די אייגענע כחות, קען די יידישע עמיגראַציע פאַר קיין פאַל ניט פאַרוואַנדלען זיך אין אַ קאָנצענ-טרירטער קאָלאָניזאַציע, שוין דערפאַר אַליין, וואָס די יידישע אָרעמע און צע-שטויבטע עמיגראַנטישע מאַסע פאַרמאָגט ניט יענע מיליאַרדן קאַפּיטאַלן און יענע אומגעהייערע אָרגאַניזאַטאָרישע קרעפטן, וואָס אַזאַ אַרט קאָלאָניזאַציע פאָדערט. ס'איז דאָך זייער שווער צו דענקען, אַז ווען אפילו ס'זאָל זיך איינ-געבן אָט די צעשטויבטע און צום ווייניקסטן אָרגאַניזאַציאָנס-פעיקע עמי-גראַנטן-מאַסע צוזאַמענעמען און אָרגאַניזירן, זאָל פון זייערע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס געשאַפן ווערן די פאַר דער טעריטאָריאַליסטישער קאָלאָניזאַציע נוי-טיקע ריזיקע קאַפּיטאַלן. און אויב מ'זאָל אָננעמען די גאַנץ פאַנטאַסטישע השערה וועגן דער אוממעגלעכקייט פאַר די ענגלישע און אַנדערע קאַפּיטאַ-ליסטן אָנצווווענדן זייערע קאַפּיטאַלן ערגעץ אַנדערש ווו, אויסער קאָלאָני-זאַציע פון נייע לענדער, איז ווו איז די זיכערקייט, אַז זיי וועלן אויסנוצן צו-ליב דעם דווקא די יידישע עמיגראַנטן-מאַסן, וואָס בילדעט דאָך סוף כל סוף אַ גאַנץ קליינעם פּראָצענט אין דעם אַלגעמיינעם אַלוועלטלעכן עמיגראַציע-שטראָם און וואָס איז דווקא פאַר קאָלאָניזאַציע-צוועקן צום ווייניקסטן צו-געפּאַסט.

איבערהויפּט זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען פון דער אַלגעמיינער סאָציאָלאָגישער הנחה, אַז דער טעריטאָריאַליסטישער בנין קען אויפגעשטעלט ווערן ניט אויפן יסוד פון נעגאַטיווע מאָמענטן, פון חורבן-פּראָצעסן, נאָר אויפן באָדן פון פּאָזיטיווע, שאַפנדיקע כחות און פאַקטאָרן. די פונקציע פון דעם נעגאַטיוון מאָמענט, זיין סאָציאָלאָגישער זין און פּראַקטישע ראָל איז תמיד נאָר צעשטערונג און חורבן. די פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָ-ריאַליזם איז אָבער דורך און דורך, פון אָנהויב ביזן סוף, אַ פּראָצעס פון בויען און שאַפן, אָן איין אָטאָם פון צעשטערונג און פאַרניכטונג. אַקעגן, די עמי-גראַציע איז אין עצם אַ פּראָדוקט פון נעגאַטיווע, צעשטערנדיקע פאַקטאָרן, פון דעם וואָס די יידישע מאַסן ווערן אַרויסגעשטויסן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָ-זיציעס, אַרויסגעריסן פון דער איינגעזעסענער סביבה, פון דעם סאָציאַל-קול-

טורעלן געוועב, ווערן, הייסט עס, מאטעריעל רוינירט און געזעלשאפטלעך דעז-ארגאניזירט. שוין פארוים, אפריארי, איז קלאר, אז אזא באדן פארמאגט ניט דעם לעבנס־זאפט פארן טעריטאריאליסטישן געוויקס. און בכלל האבן מיר באטראכט פאר פאלש און אין גרונד ווידערשפרעכיק די גאנצע ציוניסטישע געשיכטס-פילאסאפיע, וואס איז איבערגעגאנגען בירושה צו די פועלי-ציון, דאס אבסאלוטע „פארניינען“ דעם גלות, דאס זען אין גלות-לעבן איין גרויסן שווארצן פלעק, אן א שום ליכטשטראל, און דאס שטרעבן אונטערצושטרייכן תמיד אט די אויסזיכטלאזיקייט פון גלות. ערשטנס, איז עס פאקטיש ניט אמת, עס ענטשפרעכט פשוט ניט דער אביעקטיווער ווירקלעכקייט; והשנית, וואלט עס באמת זיין אזוי, וואלט עס פארוים פארמשפט דעם ציוניזם, ווי די ווילדע אוטאפיע, ווייל פון נישט, פון גארנישט קען קיין „יש“ ניט ווערן. דעם ציוניזם דארף פארווירקלעכן ניט קיין אנדערער, ווי **גופא דער גלות**; איז ער אבער אזוי הינטערשטעליק, אזוי פינסטער און נישטיק, אזוי פרוכטלאז און אויסזיכטלאז, ווי עס מאלן אים די ציוניסטישע און פועלי־ציוניסטישע שווארץ-זעער, די אבסאלוטע „פארניינער“ זיינע, דאן איז דורכוים אומזיניק צו דענקען, אז ער וועט קענען ארויסברענגען פון זיך אזא אויסשליסלעך גראנדיעזע שא-פונג, וואס די וועלט האט עס ניט געזען, ווי די פארווירקלעכונג פון ציוניזם.

פאר אונדז איז דעריבער קלאר געווארן, אז עס מוז אונטערגענומען ווערן א גרינדלעכע רעוויזיע פון דער דאזיקער אוטאפישער געשיכטס-פילאסאפיע, און מיר האבן זיך באמיט דורכפירן זי אין דעם גייסט און לויט דעם מעטאד פון דער מארקסיסטישער סאציאלאגיע, וואס האט דורכגעפירט די זעלבע רע-וויזיע בנוגע צום אוטאפישן סאציאליזם.

אין וואס באשטייט דער סאציאלאגישער גרונד־אונטערשייד צווישן דעם אזוי גערופענעם **ווינשאפטלעכן**, מארקסיסטישן און **אוטאפישן** סאציאליזם? איך וועל זיך דערלויבן ברענגען דא די פארמו-לירונג, וואס איז מיר אויסגעקומען געבן וועגן דעם אין אן אנדער ארט: „דער אוטאפישער סאציאליזם האט אפעלירט בלויז צום ראציאנאליסטישן שכל-הישר, צו דער גלייכער סברא, צום פשוטן געפיל פון יושר און גערעכטיקייט. די סא-ציאליסטישע געזעלשאפט, וואס ווייס ניט פון אונטערדריקונג און עקספלוא-טאציע, פון תהום צווישן ארעם און רייך, איז פיל בעסער, שענער און יושרדי-קער פון דער בורזשואזער, קאפיטאליסטישער. דאס איז אזוי קלאר און פשוט, אז יעדער מוז עס איינזען בחוש, און איבערהויפט — די אונטערגעדריקטע און עקספלואטירטע גופא. ובכן, איז פאר זיי די פראגע באשטאנען בלויז אין דעם, ווי אזוי צוצוטרעטן **גלייך, אוממיטלבאר** צו ארגאניזירן די סאב-לעקטיוויסטישע ווירטשאפט, ווי אזוי, לויט וואס פאר א פלאן, **גלייך אוממיטלבאר** איינפירן די סאציאליסטישע ארדענונג. וועגן דעם וואס עס קומט פאר ערגעץ אין די טיפענישן פון געשיכטלעכן קעסל, אין געשיכטלעכן אונטערגרונד פון שכל-היישר און דער גלייכער סברא האט מען זיך נארנישט געקימערט, מען האט פון דעם אפילו קיין שום באגריף אדער א גאנץ מטושטשן באגריף געהאט.

„מאַרקס און ענגעלס האָבן אָפּגעוואָרפן אַט דעם וויסטן אויבערפלאַך פון דעם ראַציאָנאַליסטישן עקר-געדאַנק, האָבן אויפגעדעקט די געשיכטלעכע קוליסן, אַריינגעדרונגען אינעווייניק אין דער געשיכטלעכער לאַבאָראַטאָריע, און פאַר זייערע אויגן האָט זיך געעפנט אַ בילד פון אומענדלעכע מאָלעקולאַרע פּראָצעסן, טיפע, באַהאַלטענע, בלינדע, וואָס שטויסן זיך צוזאַמען, קרייצן זיך איבער, פלעכטן זיך צונויף אויף כּלערליי אופנים און דרכים און בילדן אין רעזולטאַט אָט די מעכטיקע סטיכיע, וואָס באַשטימט דעם אָביעקטיוו-נויטווענדיקן גאַנג פון דער געשיכטע. פאַר זיי איז בכן קלאָר געוואָרן, אַז אַ נייע סאָציאַלע אָרדענונג קען אויפגעשטעלט ווערן נאָר דאַן, ווען דערצו פירן די אומענדלעכע מאָלעקולאַרע פּראָצעסן און פאַקטאָרן, ווען אין שויס פון דער געשיכטע זאַמלט זיך ביסלעכווייז, טאָג-איין, טאָג-אויס, דער אומגעהייערער מאַטעריאַל, וואָס איז נויטיק דערצו און ס'ווערט אומאויפהערלעך געלייגט אַ ציגל נאָך אַ ציגל, ביז דער נייער תּוך וואַקסט אויס אַזוי ווי פון זיך אַליין אינעווייניק, אין די ראַמען פון אַלטן, און פּילט מיט זיך אָן דעם חלל זיינעם. און אַריינדרינגענדיק אַזוי אין מעכאַניזם פון געשיכטלעכן בוי־פּראָצעס, האָבן מאַרקס־ענגעלס אויפגעדעקט אין דעם עקסיסטירנדיקן קאַפּיטאַליסטישן סדר יענע וואַקסנדיקע סטיכישע כּחות און טענדענצן, וואָס טראָגן מיט זיך די זוימען פון דער נייער געזעלשאַפט און פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם: דאָס איז דער אומגעהייערער וווּקס פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן, וואָס שאַפן די קאָנצענטרירונג פון קאַפּיטאַל און אַרבעט און גרייטן פּאַקטיש צו דעם באָדן פאַר דער קאָלעקטיוויסטישער ווירטשאַפט.

„ובכן, ניט דער שכל הישר, די גלייכע סברא און דער געפיל פון יושר זיינען בכח איבערצובויען די עקסיסטירנדיקע געזעלשאַפט און אויפשטעלן דעם נייעם סאָציאַלן סדר, דאָס וועט פאָרקומען אַדאַנק די אָביעקטיווע כּחות און טענדענצן, וואָס אַנטוויקלען זיך אין קאַפּיטאַליזם גופא. דער סוביעקטיווער מאָמענט, דער סאָציאַליסטישער ווילן און באַוווסטזיין פון די מאַסן, די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַלגעמיין, זיינען ניט די סיבה נאָר די רעזולטאַטן פון אָט די בלינדע, סטיכישע פּראָצעסן און פאַקטאָרן".

דעם זעלבן סאָציאָלאָגישן מעטאָד, וואָס איז גילטיק פאַר אַלע גרויסע מאַסן-באַוועגונגען, פאַר אַלע גראַנדיעזע געזעלשאַפטלעכע איבערקערענישן, האָבן מיר זיך באַמיט אויך אָנצווענדן צו דער גרויסער מאַסן-באַוועגונג, צו דער גראַנדיעזער געזעלשאַפטלעכער איבערקערעניש, וואָס דאַרף מיט זיך ברענגען די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם אָדער טעריטאָריאַליזם. מ. זילבערפאַרב האָט אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען אויסגעדריקט אונדזער גרונד־געדאַנק אויף פאָלגנדיקן אופן: הערצלס אַפאָריזם, „אויב איר ווילט, איז דאָס ניט קיין חלום" דאַרף מען איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף און פאָרמולירן אַזוי: „אויב ס'איז ניט קיין חלום, וועט איר וועלן". און מיר האָבן געפּרוווט אויפזוכן גופא

אין גלות יענע אָביעקטיווע פּראָצעסן און טענדענצן, יענע פּאָזיטיווע שאַפנדיקע כּחות און פאַקטאָרן, וואָס פירן צום טעריטאָריאַליסטישן ענד־ציל. און אַנאַליזירנדיק די יידישע ווירקלעכקייט, האָבן מיר געפונען, אַז ניט געקוקט אויף די אומגינסטיקע, אומנאָרמאַלע און אומגעזונטע תּנאים, אין וועלכע ס'געפינט זיך דער יידישער קיבוץ אין גלות, לעבט ער פאָרט און אַנטוויקלט זיך און שאַפט סאָציאַל־קולטורעלע ווערטן . . . איבערהויפּט, ווען מ'נעמט די מאָדערנע, קאַפּיטאַליסטישע תּקופה, זעט מען, ווי דאָס יידישע פאָלק, דאָרט וווּ עס לעבט אין גרויסע קאָנצענטרירטע מאַסן, ווערט טיפער צעגלידערט און דיפערענצירט אויף פאַרשיידענע קלאַסן און שיכטן און אין דער זעלבער צייט נעמט עס זיך אַלץ מער צוזאַמען, שליסט זיך צונויף אַלס גאַנצס. אמת, דער איבערגאַנג פון די יידישע מאַסן אין דער גרוים־אינדוסטריע באַגעגנט אויף זיין וועג גרויסע שוועריקייטן און שטערונגען, ס'איז אָבער דורכויס ניט ריכטיק, ווען מען מאַכט דערפון דעם אויסזיכטסלאָזן, פּעסימיסטישן אויספיר וועגן דער שיער ניט אַבסאָלוטער אוממעגלעכקייט פאַר די ברייטע יידישע שיכטן איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. ס'איז גענוג צו וואַרפן אַן אויבערפלעכלעכן בליק אויף דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון די צוויי גרעסטע יידישע צענטרעס — רוסלאַנד און אַמעריקע — פאַרן לעצטן האַלב־יאָרהונדערט, כּדי פאַר אייך זאָל קלאָר ווערן, ווי ווייט איז דאָך אָוועקגעגאַנגען פאַר אָט דעם פּעריאָד די פּראָדוקטיוויזירונג פון דעם יידישן פאָלק און ווי באַדייטנדיק ס'איז בכלל געשטיגן זיין אַלגעמיינער סאָציאַל־עקאָנאָמישער וווּקס און געוויכט. און אפשר נאָך מער ווי אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן געביט איז געשטיגן דער וווּקס און געוויכט פון יידישן פאָלק אין געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן זינען. גופא דאָס אויפקומען פון דער ציוניסטישער און אַרבעטער־באַוועגונגען, די אויפבליונג פון אונדזער מאָדערנער וועלטלעכער ליטעראַטור, אין יידיש און העברעיש, פון יידישן טעאַטער און קונסט, די פילפאַכע פּראָצעסן פון אָרגאַניזירן און צוזאַמענעמען זיך, וואָס קומען כּסדר פאָר אין די פאַרשיידענע געביטן פון יידישן לעבן און שאַפן — דאָס אַלץ איז דער בעסטער באַווייז דערפאַר.

דאָס זיינען, אין אַלגעמיינע שטריכן גענומען, יענע פּאָזיטיווע שאַפנדיקע טענדענצן און פּראָצעסן, וואָס אַנטוויקלען זיך גופא אין גלות און טראָגן אין זיך די מעגלעכקייטן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם. דעם ראַדיקאַלן איבערבוי פון גאַנצן יידישן לעבן, דעם איבערגאַנג פון דעם צעזייטן און צעשטויבטן צושטאַנד צו דער העכסטער שטופע פון נאַציאָנאַלער צוזאַמענגעשלאָסנקייט — צו טעריטאָריאַלער קאָנצענטרירונג — האָבן מיר זיך בכן פאַרגעשטעלט ניט ווי אַ פאַנטאַסטישן שפּרונג פון „גאָרנישט" צו „אַלץ", נאָר ווי אַ לאַנג דויערנדיקן היסטאָרישן פּראָצעס פון אַ בהדרגהדיקן סאָציאַל־עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן צוזאַמעננעמען און צוזאַמענשליסן זיך פון יידישן פאָלק. און דער דאָזיקער פּראָצעס דאַרף באַקומען זיין באַשטימטע יורידישע פאַרקערפּערונג, דאַרף זיך אָנטון אין בלוט און פלייש פון געוויסע עפנטלעך־רעכטלעכע פאָרמען — פאָרמען פון נאַציאָנאַל־פּערסאָנעלער אויטאָנאָמיע מיט נאַציאָנאַלע סיימען אין דער שפּיץ, וואָס זאָלן אין אַ געוויסן זין

אויף אַ שטאַטלעכן אופן אַרומנעמען און רעגולירן דאָס יידישע לעבן און שאַפן נאָך דאָ, אין גלות, אַזוי צו זאָגן די פּאַטענצן פון אַ יידישער מלוכה.

דער עצם אַקט פון דער טעריטאָריאַליסטישער קאָלאָניזאַציע, האָבן מיר גערעכנט, דאַרף מיט זיך בילדן בלויז דעם לעצטן עטאַפּ אין אָט דעם נאַציאָנאַליזירונגס־פּראָצעס. „ניט מיט דער קאָלאָניזאַציע פון דער „געפונענער“ טעריטאָריע, שרייבט וועגן דעם זילבערפאַרב אין זיינע זכרונות, הויבט זיך אָן די באַוועגונג צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג, נאָר מיט איר ענדיקט זי זיך. דער טעריטאָריאַליזם קומט צום סוף פון אַ דויערנדיקן, דורות־לאַנגן פּראָצעס פון קאַמף פון די יידישע מאַסן פאַר זייערע נאַציאָנאַלע רעכט אין די לענדער, ווו זיי וווינען, צוזאַמען מיט די אַנדערע אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אויף אַזאַ אופן לאָזט זיך ביים איצטיקן מאָמענט ניט באַשטימען די צייט און דאָס אָרט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם“. „דער טעריטאָריאַליזם, האָבן מיר דאַן פאָרמולירט, וועט פאַרווירקלעכט ווערן דאַן און דאָרט, ווו און ווען ס'וועלן דערפאַר רייף ווערן די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַדינגונגען“.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אונדז איז דורכויס פרעמד געווען סירקינס טעאָריע וועגן די צוויי באַזונדערע פּלאַכן, וואָס קערן זיך איינע מיט דער אַנדערער ניט אָן — דאָס גלות־לעבן, פון איין זייט, און די טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונג פון דער אַנדערער זייט. מיר האָבן דאָס באַנומען, ווי אַן איינהייטלעכן, אָרגאַניש צוזאַמענגעשלאָסענעם און צוזאַמענפליסנדיקן פּראָצעס.

דאָס איז אין אַלגעמיין די י"ס־ישע קאָנצעפּציע. איר אַנטוויקלונג און באַגרינדונג האָט זי באַקומען שפּעטער, נאָר שוין אויף דער קיעווער קאָנפערענץ זיינען דייטלעך פאָרמולירט געוואָרן די הויפּט־יסודות און גרונד־הנחות. אין מיין ענטפער דעם רעפערענט שטיפן און דעם ערשטן אָפּאָנענט לאַצקין האָב איך געזאָגט: „סיי דער רעפערענט, סיי דער ערשטער אָפּאָנענט האָבן אַנטוויקלט זייערע אידעען, אַרויסגייענדיק, נאָך מיין מיינונג, פון אַ פאַלשן שטאַנדפונקט, אַז די אַרבעט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניסטישן אידעאַל און די אַזוי גערופענע געגנוואַרטס־אַרבעט ליגן אויף צוויי באַזונדערע ליניעס. אויב די פאַרווירקלעכונג פון ציוניסטישן אידעאַל בילדעט ווירקלעך אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט פאַרן יידישן פאָלק, וואָס יעדער וויסנשאַפטלעך־געבילדעטער ציוניסט מוז פאָרויסזעצן, דאַרף מען שוין אַפּריאָרי אָננעמען, אַז עס קען ניט זיין קיין געגנזאַץ צווישן געגנוואַרט־פּראָגראַם און דער שטרעבונג צום ציוניסטישן אידעאַל, ווי דאָס האָט פעסטגעשטעלט דער ערשטער אָפּאָנענט..... אַלע פאַקטן פון דער יידישער ווירקלעכקייט טרייבן אומפאַרמיידלעך צו דער נאַציאָנאַליזירונג פון אונדזער גאַנצן לעבן — אפילו דאָס רעאַגירן אויף די עקאָנאָמישע באַדערפעניש[ן] פון דער יידישער האַרעפּאַשנער מאַסע נעמט דאָך אָן, לויט דער אָנווייזונג פון די ערשטע צוויי אָפּאָנענטן, אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער — און דעריבער פירט דער גאַנצער קאַמף אויף די ערטער, נאָך מיין טיפער איבערצייגונג, צו דער זאַמלונג פון נאַציאָנאַלע קרעפטן, וואָס וועלן סוף כל סוף ברענגען צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניסטישן אידעאַל.... די

באדינגונגען, אין וועלכע מיר לעבן, זיינען לגמרי אנדערע פון די באדינגונגען, אין וועלכע ס׳האט געלעבט דאס דייטשע יידנטום. אונדזער מאסע, וואס איז ניט אין אן ערך גרעסער, קען ניט איבער א גאנצער רייע אינעוויניקסטע און אויסנוויייניקסטע סיבות אסימילירן זיך, זי קען דעריבער דערגרייכן העכערע פארמען פון סאציאלן לעבן, נאר ווען זי וועט זיך נאציאנאליזירן, קאנסאלידירן און קענגשטעלן דעם פיינד איר נאציאנאלע קראפט". מיט איין ווארט — קעגן דער אנטארטונגס-טעאריע, וואס האט געהערשט אין די רייען פון די ערשטע פועלי-ציון און שפעטערדיקע ס"ס, האבן מיר קעגנגעשטעלט די אויפלעבונגס-קאנצעפציע (פון דאנען דער נאמען „וואזראזשדעניע").

די גרעסטע מערהייט פון דער קאנפערענץ האט זיך געשטעלט אויף אונדזער שטאנדפונקט. די איניציאטארן פון דער קאנפערענץ האבן אבער לכתחילה ניט געהאט בדעה צו בילדן גלייך א פארטיי. צו פארוויקלט און פארפלאנטערט זיינען געווען די פראגן, וואס זיינען געשטעלט געווארן פאר דער קאנפערענץ, מ׳זאל קענען גלייך פארמולירן א פארטיי-פראגראם און פיקסירן די פארטיי-טאקטיק. ס׳איז דעריבער באשלאסן געווארן צו שאפן דערווייל א טעארעטישן זשורנאל — נאטירלעך אן אומלעגאלן — אין רוסיש מיטן נאמען „וואזראזשדעניע" און אין יידיש: „דאס נייע לעבן", מיט אן אונטערקעפל: „ארגאן פון יידישן רעוואלוציאנערן געדאנק". די אויפגאבע פון זשורנאל האט געזאלט זיין — ערנסט באטראכטן און באלויכטן די פארשיידענע פראבלעמען פון יידישן לעבן און פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג און צוגרייטן דעם טעארעטישן און פראקטישן באדן פאר דער אויסבילדונג פון א פארטיי-איינהייט.

אין דער רעדאקציע פון ארגאן איז אויסגעוויילט געווארן מ. ב. ראטנער, וו. פאברי קאנט און איך. זילבערפארב איז באשטימט געווארן אלס איר פארשטייער אין אויסלאנד.

## 4. דער ארגאן „וואזראזשדעניע"

די אויסגעקליבענע רעדאקציע פון זשורנאל „וואזראזשדעניע" האט געהאט פאר זיך די פאלגנדיקע טעזיסן, וואס זיינען אויסגעארבעט געווארן אויף דער קיעווער קאנפערענץ און וואס האבן געזאלט אנמערקן די אלגעמיינע ריכטליניע פונם ארגאן:

„אום צו באשטימען די באציונג צו די הערשנדיקע ריכטונגען אין דער דייטשער, רוסישער, פוילישער סאציאל-דעמאקראטיע דארפן גענומען ווערן אין אכט די פאלגנדיקע כאראקטעריסטישע שטריכן זייערע:

„1. זיי איגנארירן די נאציאנאלע פראבלעם פון די אונטערדריקטע פעלקער;

„2. דאס נעמט זיך פון דער דורכויס וווּלגארער אויסטייטשונג פון היסטארישן מאטעריאליזם און ניט ריכטיק פארשטאנענעם אינטערנאציאנאליזם; די מאראלע סאנקציע באקומט עס אין דער אוטיליטארער עטיק. דאס אלץ זיינען איינגעשאפטן פון דעם סאציאליזם ביי די הערשנדיקע נאציעס;

„בנוגע צו יידן נעמען אָט די אַלגעמיינע שטריכן אָן די קאָנקרעטע פאָרם פון פאָלגנדיקע אָנשווינגען:

„1. יידן זיינען ניט קיין נאַציע;

„2. יידן האָבן קיין רעכט ניט צו שטרעבן צו נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט;

„3. דער אוטיליטאַרער קוק אויף יידן, ווי אויף אַ מיטל פאַר יענע פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן.

„פון דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק נעמט זיך אונדזער באַציונג צו אָט די סאָציאַליסטישע פאַרטייען:

„1. מיר זיינען סאָלידאַריש מיט זיי אין דעם קאַמף פאַר די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון די הערשנדיקע נאַציעס;

„2. מיר קעמפן קעגן זייער באַציונג צו דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס דריקט זיך אויס אין פאַרטיידיקן און שטיצן די אַסימילאַציע.

„די באַציונג צום „בונד" ווערט באַשטימט אויפן סמך פון זיין פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטיק:

„1. דער „בונד" שטרייכט ניט גענוג אונטער דעם אונטערשייד צווישן די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די י י ד י ש ע אַרבעטנדיקע מאַסן און פון דעם ר ו ס י ש ן פּראָלעטאַריאַט און גיט אַ פאַלשע, איינזייטיקע היסטאָרישע באַלייכטונג פון דעם דאָזיקן אונטערשייד. אַדאַנק דעם ווערט אומ-מעגלעך פאַרן „בונד" צו שטעלן אַ ריכטיקן היסטאָרישן פּראָגנאָז פאַר דער אַנטוויקלונג פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן;

„2. דער „בונד" האָט ניט געשטעלט די יידן־פראַגע ווי אַ זעלבשטענדיקע נאַציאָנאַלע פּראָבלעם;

„3. דער „בונד" האָט ניט קיין נאַציאָנאַלן אידעאַל;

„4. דער „בונד" גיט זיך ניט אָפּ קיין דין וחשבון וועגן די קאָנקרעטע תנאים, וואָס זיינען נויטיק פאַר אַ נאָרמאַלן לעבן, און איגנאָרירט די היסטאָרישע כוחות אין יידנטום, וואָס פירן צו אַזאַ נאָרמאַלן לעבן.

„ובכן, איז אונדזער באַציונג צום „בונד":

„1. מיר זיינען מיט אים דורכויס סאָלידאַריש, ווי ווייט ער אַנטוויקלט ביי די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן דאָס פּאָליטישע און קלאַסן-באַוווסטזיין;

„2. מיר קעמפן קעגן זיינע אָנשווינגען אויף דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם פון יידישן פאָלק און קעגן זיינע מעטאָדן צו לייזן די יידן־פראַגע.

„די כאַראַקטעריסטיק פון ציוניזם:

„1. די נעגאַטיווע כאַראַקטעריסטיק, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם „בונד", כאַראַקטעריזירט די פּאָזיטיווע זייטן פון ציוניזם;

„2. דער ציוניזם האָט ניט ריכטיק באַנומען די וועגן, וואָס פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם ציל;

„3. פון דעם נעמט זיך זיין רעאַקציאָנערע טאַקטיק, וואָס שטערט דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק.

„דערמיט דערקלערט זיך די באַציונג צום ציוניזם:

„1. קאַמף קעגן זיין רעאַקציאָנערער טאַקטיק;

„2. מיטהעלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן צו פּאַרווירקלעכן די אידעאַלן, וואָס ער האָט זיך געשטעלט.

„די קאָנפערענץ שטעלט פעסט דריי גרונד־פּרינציפּן, וואָס אויף זיי דאַרף באַזירן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג:

„1. סאָציאַליזם אַלס ענד-ציל;

„2. רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג און דעם ביוראָקראַטישן רעזשים, ווי אַ לאָזונג פון דער טאַקטיק;

„3. טעריטאָריאַליזם, ד"ה די שטרעבונג צו אַן אייגענער פרייער טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק, ווי אַ פולע און ראַדיקאַלע לייזונג פון דער יידן־פראַגע".

די רעדאַקציע, וואָס איז פאַרבליבן אין קיעוו, איז גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און אין משך פון 2-3 חדשים האָט זי פאַרטיק געמאַכט אַן אויספירלעכן באַריכט פון דער קאָנפערענץ און צוגעגרייט דאָס ערשטע טאָפּל־העפט פון זשורנאַל, וועלכן ס'זיינען אַריין:

אַ לייטאַרטיקל „אונדזערע אויפגאַבן", געשריבן פון מ. ב. ר א ט נ ע ר מיט דער הילף פון די איבעריקע מיטגלידער פון רעדאַקציע (פאַר דעם אַרטיקל איז אויסגענוצט געוואָרן אויך מיין „פּלאַטפאָרם", וואָס וועגן איר האָב איך אויבן דערמאָנט);

צוויי אַרטיקלען פון מ. ז י ל ב ע ר פ א ר ב: 1) „די יידן-פראַגע אין דער סאָציאַליסטישער פרעסע", אונטערגעשריבן „באַזין", געווידמעט דער קריטיק פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט, איבערהויפּט פון „איסקראַ" בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און דער יידן־פראַגע בפרט. דער עיקר שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער פּאָלעמיק פון „איסקראַ" קעגן „בונד"; 2) דער צווייטער אַרטיקל זיינער, אונטערגעשריבן „דינין", באַהאַנדלט די האַלטונג פון דער בונדישער דעלעגאַציע אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי;

צוויי אַרטיקלען האָב א י ך פאַר דעם נומער געשריבן: 1) „וועגן 6-טן ציוניסטן-קאָנגרעס און דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל", אונטערגעשריבן Ap—s און 2) „דרייסטע ווערטער — פּחדנותדיקע געדאַנקען" (געווידמעט דעם נאַציאָנאַליזם פון „בונד"), אונטערגעשריבן Ben-Ader;

אַן אַרטיקל פון וו. פ א ב ר י ק א נ ט, אונטערגעשריבן מ. סטאָלבערג: „דער צערודערטער ים", געווידמעט דעם טומל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין די ציוניסטישע רייען אין צוזאַמענהאַנג מיטן אוגאַנדע-פּראָיעקט.

חוץ דעם זיינען אין נומער אַריין אייניקע פּועלי־ציוניסטישע קאָרעספּאָנדענציעס פון די ערטער.

מחמת אונדזער ניט-געניטקייט אין אַרויסגעבן אומלעגאַלע ליטעראַטור האָט זיך דאָס אַרויסלאָזן פון ערשטן העפט פאַרצויגן און עס איז דערשינען ערשט אין מערץ 1904, אין בערלין. מיט אַ חודש פריער איז דערשינען דער אויבנדערמאָנטער באַריכט פון דער קאָנפערענץ.

„מיר האָבן געהאַט גרונד, שרייבט זילבערפאַרב אין זיינע זכרונות, צו זיין

צופרידן מיטן רושם, וואָס דאָס ערשטע העפט האָט געמאַכט. פריינד האָבן עס באַטראַכט אַלס אַן ערנסטע דערשיינונג. די „איסקרא" האָט אונדז באַלד אויסגעזידלט, אַלס ציוניסטן און שאָוויניסטן, אָבער געניטע מענטשן האָבן גע־האַלטן, אַז דאָס אַליין איז שוין אַ „כבוד", וואָס „איסקרא" בכבודה ובעצמה האָט אונדז באַלד באַמערקט. דער „בונד" איז אַרויס קעגן אונדז מיט אַן אַר-טיקל (אין אויסלענדישן „וועסטניק בונדא"): „דער ס"ריזם אויפן יידישן באָדן". דער דאָזיקער אַרטיקל פון „בונד" האָט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף די ציוני־ניסטיש-סאָציאַליסטישע קרייזן, וואָס זיינען בכלל געווען נישט שטאַרק באַ-פרידיקט מיטן זשורנאַל „וואָזראָזשדעניע" דערפאַר, וואָס דער טעריטאָריאַ-ליזם איז דאָרט געווען אויפגעפאַסט און פאָרמולירט ניט לויט זייער שיטה און וואָס דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז אָפּגעגעבן געוואָרן צופיל אויפמערק־זאַמקייט. דער חשד אין ס"ריזם, וואָס דער „בונד" האָט אויף אונדז געוואָרפן, האָט זיי נאָך מער אָפּגעקילט און דערווייטערט פון אונדז — זיי האָבן זיך גע-האַלטן פאַר שטרענגע קאָנסעקווענטע מאַרקסיסטן".

די דאָזיקע באַשולדיקונג אין ס"ריזם איז אייגנטלעך געווען אַ מיספאַר־שטייעניש. די געגנער האָבן דעמאָלט ניט געוואָלט אָדער ניט געקאָנט אַריינ-טראַכטן זיך אין תוך פון אונדזער קאָנצעפּציע, כדי צו געבן איר אַן אָביעק-טיווע באַלייכטונג. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, פאַר געגנער גאַנץ נאַטירלעך גע-ווען. אָבער אין עצם איז אונדזער קאָנצעפּציע פיל נאָענטער געווען צום גייסט און זין פון דער מאַרקסיסטישער סאָציאַלאָ-גיע אײדער די דאַמאָלטיקע פּועלי־ציוניסטישע און שפּעטערדיקע ס"סישע. און דאָך האָט דער חשד אין ס"ריזם, וואָס איז אונדז געוואָרפן געוואָרן, גלייך אויפגעשטעלט צווישן אונדז און די אַרבעטער־מאַסן אַ געוויסע וואַנט, וואָס איז ניט לייכט אויסגעקומען דורכצוברעכן.

אויך די באַשולדיקונג אין פילאָסאָפישן אידעאַליזם, וואָס מ'האָט קעגן אונדז אַרויסגעשטעלט און וואָס האָט זיך אויך גערעכנט פאַר זייער אַ הארבן חטא, האָט געהאַט גאַנץ קנאַפּע גרונדן. דער איינציקער אָנהענגער פון פילאָסאָפישן אידעאַליזם און פון דער ס"רישער אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם איז צווישן אונדז געווען מ. ב. ראַטנער. ער האָט אָבער אַ גאַנץ קנאַפּע השפּעה געהאַט אויף דער פאָרמירונג פון אונדזער פּאַרטיי-אידעאָלאָגיע. ביז דער קאָנפערענץ פון „וואָזראָזשדעניע", ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, זיינען די פּראָבלע-מען פון יידישן לעבן פאַר אים דורכויס פרעמד געווען. ערשט אויף דער קאָנ-פערענץ האָט ער זיך נאָענטער באַקאַנט מיט די פאַרשיידענע פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע שטרעמונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט ביי אונדז. דער איינציקער אַרטיקל, וואָס ער האָט געשריבן פאַרן אָרגאַן „וואָזראָזשדעניע" — דער לייטאַרטיקל אין ערשטן נומער — איז אייגנטלעך געווען אַ פּראָדוקט פון קאָלעקטיווער אַרבעט פון די רעדאַקציע־מיטגלידער. באַלד נאָך דעם איז ער פּאַקטיש אַוועק פון אונדז, אינגאַנצן זיך געווידמעט דער אַלגעמיי־נער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און אין די ווייטערדיקע העפטן פון „וואָזראָזשדעניע", ווו ס'זיינען געלייגט געוואָרן די גרונד־יסודות

פון דער י"סישער אידעאָלאָגיע, האָט ער זיך בכלל ניט באַטייליקט. צוריקגע־קערט צו אונדז האָט ער זיך ערשט נאָך דעם, ווי די דאָזיקע פּאַרטיי־אידעאָ־לאָגיע איז געווען פעסטגעשטעלט.

אויך דער צווייטער אויסגעשפּראָכענער ס"רישער אידעאָלאָג ח. זשיט-לאָווסקי איז צו אונדז צוגעשטאַנען ערשט שפּעטער, נאָך דעם ווי די פּאַרטיי מיט איר אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם האָט זיך שוין געהאַט אויסגעבילדעט.

אמת, מיר האָבן די גאַנצע צייט געשטרעבט צו אַ פּאָליטישן קאָנטאַקט מיט דער ס"רישער פּאַרטיי און פּאַקטיש האָט אַזאַ קאָנטאַקט צווישן אונדז תמיד עקסיסטירט. דאָס דערקלערט זיך אָבער ניט מיט אַלגעמיינער אידעאָלאָגישער קרובהשאַפט. דווקא די אָרטאָדאָקסאַלסטע מאַרקסיסטן צווישן אונדז זיינען געווען די שאַרפסטע אָנהענגער פון אָט דעם קאָנטאַקט. דאָ האָבן געווירקט ריין טאַקטישע מאָטיוון און חשבונות. די באַציונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און צו אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען בפרט איז ביי די ס"רן, וואָס זיינען אין אַלגעמיין מער נוטה געווען צו דעצענטראַליזאַציע און פעדעראַליזם, געווען ניט אין אַן ערך אַ טאָלעראַנטערע, איידער ביי די דורך און דורך צענ־טראַליסטיש געשטימטע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. דערצו האָט וועגן אַ וועלכן ניט איז קאָנטאַקט מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ביי אונדז קיין שום רייד ניט געקענט זיין שוין אַדאַנק דעם אַליין, וואָס דאָס וואָלט, חוץ אַלעמען, דער „בונד" אויף קיין אופן ניט דערלאָזן. און די נויטיקייט צו פאַרבינדן זיך מיט אַן אַלגעמיינער רוסלענדער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט זיך געפילט זייער שטאַרק.

איך האָב זיך אביסל לענגער אָפּגעשטעלט אויף אָט דעם, אביסל זייטיקן, מאָמענט, ווייל אין דעם פּונקט האָט געהערשט און הערשט נאָך עד היום אַ פאַלשע פאָרשטעלונג און איך האָב געוואָלט פעסטשטעלן דעם אָביעקטיוון היסטאָ־רישן אמת.

ניט געקוקט אויף די טיפע פּרינציפּיעלע חילוקי־דעות צווישן אונדז און די פּועלי-ציון, די קינפּטיקע ס"ס, האָבן די לעצטע דאָך פיל מיטגעהאָלפן ביי דער אומלעגאַלער טראַנספּאָרטירונג און פאַרשפּרייטונג פון אונדזער זשורנאַל. אייניקע אָרגאַניזאַציעס האָבן איבערגעדרוקט אין אומלעגאַלע טיפּאָגראַפיעס באַזין-זילבערפאַרבס אַרטיקל וועגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און מיינעם וועגן „בונד". די דאָרשט נאָך ערנסטער ליטעראַטור, וואָס זאָל געבן די טעאָרעטישע באַלייכטונג פון די פּועלי-ציוניסטישע פּראָבלעמען, איז געווען (אומגעהייער גרויס, צו די „וואָזראָזשדעניע"-אויסגאַבן האָט מען זיך דעריבער אין די פּועלי־ציוניסטישע קרייזן באַצויגן מיט אַן אויסשליסלעכן אינטערעס. בכלל זיינען נאָך דאַן די באַציונגען צווישן דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע" און די פּועלי־ציון געווען נאָענטע, חברשע, מ'האָט זיך פאַרהאַלטן איינע צו די אַנדערע ווי צו נאָענטע חברים, וואָס טוען אַ געמיינזאַמע אַרבעט פון אָרגאַניזאַציאָנעלער און אידעאָלאָגישער צוזאַמענשליסונג פון די פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. און די גאַנצע צייט, ביז דער גרינדונג פון דער ס"סישער פּאַרטיי, האָבן די פּאַר־שטייער פון „וואָזראָזשדעניע" דורכויס גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער

אָרגאַניזאַציאָנעלער צוגרייטונגס-אַרבעט און זיי זיינען געווען באַשטימט אַלס רעפערענטן אָדער קאָררעפערענטן איבער די הויפּטפראַגן פון טאָג-אָרדענונג, וואָס האָבן געזאָלט באַטראַכט ווערן אויפן גרינדונגס-צוזאַמענפאָר.

דער ערשטער טאָפּל-נומער פון זשורנאַל „וואָזראָזשדעניע" איז איבערגע־זעצט געוואָרן אויף יידיש אונטערן נאָמען „די יידישע פרייהייט". פאַבריקאַנט־דאַלמאַן, וואָס איז געזעסן אין בערלין און ספּעציעל פאַרנומען זיך מיט דער אויסגאַבע פון „וואָזראָזשדעניע" און וואָס האָט קיין וואָרט יידיש ניט געקענט, האָט אויפגעזוכט עפּעס אַן איבערזעצער אין בערלין און אים איבערגעגעבן די אַרבעט איבערצוזעצן דעם נומער אויף יידיש. די איבערזעצונג איז אָבער אַזוי שלעכט געמאַכט געוואָרן, אַז ווען מיר האָבן באַקומען דעם אָפּגעדרוקטן עקזעמפּ־לאַר, איז אונדז פינסטער געוואָרן אין די אויגן און מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצו־האַלטן זיך פון דער ווייטערדיקער פאַרשפּרייטונג פון דער „יידישער פרייהייט".

ס'איז כדאי אָנצוווייזן דאָ אויפן פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן פאַקט. מיר אַלע, וואָס פון אונדז האָבן זיך גאָר גיך אויסגעטיילט אַזוינע גלענצנדיקע סטי־ליסטן אין יידיש, ווי למשל שטיף און זילבערפאַרב, האָבן דאַן געשריבן און גערעדט א ו י ס ש ל י ס ל ע ך רוסיש און זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, ווי אַזוי וועלן מיר דאָס איבערגיין צו יידיש: אַזוי אומגעהייער שווער האָט די זאַך זיך אונדז אויסגעוויזן, ממש אַ באַרג אויפצוהויבן, עס וועט פאָדערן פון אונדז גאָר אַ באַזונדערע אָנשטרענגונג און אַ לאַנגע סיסטעמאַטישע אַרבעט איבער זיך... קיין פאָר יאָר זיינען אָבער ניט פאַרביי און תיכף נאָך דער רעוואָלוציע אין 1905, ווען דאָס לעבן האָט געשטויסן צו וואַרפן זיך אין די קאָכיקע כוואַ־ליעס פון דער בראַוזנדיקער יידישער גאַס, האָבן די כלומרשט רוסיפיצירטע אי־נ־טעליגענטן אונדזערע, וואָס אין די קינדער־יאָרן איז דאָך יידיש פאַר זיי געווען מאַמע-לשון און זיי האָבן זי איינגעזאַפּט שיער ניט מיט דער מוטערס מילך, גלייך דערמאָנט זיך גירסא דינקותא און אָן איבעריקע הכנות, טאַקע מיט אַמאָל, אָנגעהויבן שרייבן און ריידן אַ שיינעם, זאַפטיקן יידיש.

נאָכן ערשטן נומער זיינען אין באַשטאַנד פון רעדאַקציע „וואָזראָזשדעניע" פאָרגעקומען ענדערונגען. מ. ב. ר א ט נ ע ר, ווי געזאָגט, האָט זיך צו יענער צייט אַזוי פיל אריינגעטאָן אין אַלגעמיינער פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אַלס אַדוואָקאַט, פּאָליטישער פאַרטיידיקער און זשורנאַליסט, אַז ער האָט זיך פון אונדז דערווייטערט. נ. ש ט י ף איז באַלד נאָך דער קאָנפערענץ אַרעסטירט גע־וואָרן, געזעסן אייניקע חדשים אין טורמע און נאָך דער באַפרייונג האָט ער זיך מחמת פערזענלעכע און אידעישע איבערלעבונגען אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט, ער האָט זיך ערשט אין אַ יאָר אַרום צוריקגעקערט צו אונדז. ס'איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן צו קאָאָפּטירן אין רעדאַקציע ז י ל ב ע ר פ א ר ב ן, און די גאַנצע רעדאַקציע זאָל אריבערפאָרן קיין אויסלאַנד, ווו דער אָרגאַן האָט זיך ווייטער געזאָלט דרוקן.

אין אויסלאַנד איז די ווירקונג פון דער „וואָזראָזשדעניע"-גרופּע געוואַקסן. צו איר האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן ח. ז ש י ט ל אָ וו ס ק י, ביי וועמען דער זשורנאַל האָט זייער אויסגענומען, חוץ דער טעריטאָריאַליסטישער קאָנ־

צעפּציע זיינער. צו יענער צייט איז נאָך זשיטלאָווסקי געווען אַ שאַרפער געגנער פון יעטווידער טעריטאָריאַליסטישער אויפפאַסונג, און דאָס האָט טאַקע אים געשטערט צוצושטיין צו דער גרופּע. ער האָט אָבער פאַרשפּראָכן מיטצואַרבעטן אין זשורנאַל. ליידער, האָט זיך זיין מיטאַרבעט דאַן אויסגעדריקט נאָר אין דעם, וואָס ער האָט פאַר אונדז איבערגעזעצט אויף רוסיש זיין דייטשע בראָשור „די נאַציאָנאַלע פראַגע און סאָציאַליזם", וואָס ער האָט בשעתו אָנגעשריבן פאַרן ברינער פאַרטייטאָג. אָבער ביי דער גרויסער פּאָפּולערקייט פון זשיטלאָווסקין אין די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע קרייזן איז דער פאַקט אַליין, וואָס ער איז גרייט געווען צו באַטייליקן זיך אין אונדזערע אויסגאַבן, געווען אַ גרויסער געווינס. אויך אין אויסלענדישע סטודענטישע קרייזן האָט די גרופּע „וואָזראָזשדעניע" געפונען אָנהענגער. זילבערפאַרב האָט זומער 1904, אין שליחות פון דער גרופּע, באַזוכט אַ ריי סטודענטישע קאָלאָניעס אין דער שווייץ און דייטשלאַנד, געהאַלטן דאָרט פאַרטראַגן און געבילדעט „גרופּעס סימפּאַטיקער פון וואָזראָזשדעניע". אדאַנק דער מאַטעריעלער שטיצע פון אָט די גרופּעס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצולאָזן צום סוף 1904 דאָס צווייטע טאָפּל-העפט (נומ. 3—4) פון זשורנאַל, וווהין ס'זיינען אַריין:

אַ לייטאַרטיקל „אונדזער נאַציאָנאַלער אידעאַל און נאַציאָנאַלע באַוועגונג", געשריבן פון מיר;

„די נאַציאָנאַלע פראַגע און סאָציאַליזם" פון בן־אהוד (פּסעוודאָנים פון ד"ר ח. זשיטלאָווסקי);

„די יידישע פראַגע אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע" פון באַזין-זילבערפאַרב;

„אַ הפקר־טעמע" (אַגראַבלענאַיאַ טעמאַ — איז געווען דאָס קעפּל אין רוסיש) — וועגן דער יידן-פראַגע אין דער באַלויכטונג פון קאַוטסקי, יוזשאַקאָוו און אַנדערע — פון מיר, אונטערגעשריבן Ben-Ader

„די פּאָגראָם־פּערספּעקטיוון און די פאָלקס-פאַרטיידיקונג" פון דאַלמאַן-פאַבריקאַנט.

„די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און דער אוגאַנדע-פּראָיעקט" פון מ. סימענזאָן (פּסעוודאָנים פון מ. ליטוואַקאָוו).

חוץ דעם איז אין נומער אַריין אַ נעקראָלאָג איבער הערצלס טויט, אייניקע נאָטיצן איבער די פּאָגראָמען, וואָס זיינען דאַן פאָרגעקומען אין רוסלאַנד, און אַ ריי פּועלי-ציוניסטישע בריוו-קאָרעספּאָנדענציעס פון דווינסק, מינסק, האָמעל, לידע, אָדעס. די אינטערעסאַנטסטע און אינהאַלטסרייכסטע קאָרעספּאָנדענץ פון מינסק איז געווען געשריבן פון ש. נ י ג ע ר.

די גרונד-אידעען פון „וואָזראָזשדעניע" האָבן אין דעם נומער באַקומען די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. דעם הויפּט־געוויכט האָט אָבער די רעדאַקציע געלייגט אויפן פאָלגנדיקן נומער, ווו די דאָזיקע אידעען און אָנשויונגען האָבן געזאָלט געבראַכט ווערן אין אַ געוויסער איינהייטלעכער סיסטעם, און דער עיקר — ווו ס'האָבן געזאָלט, אויפן סמך פון אָט די טעאָרעטישע הנחות און פאָרויסזעצונגען, אויסגעאַרבעט און באַגרינדעט ווערן די עיקרים פון אונדזער נאַציאָנאַ-

לער פּראָגראַם, פון שטאַנדפּונקט פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. אָבער בשעת די רעדאַקציע האָט זיך געגרייט צוצוטרעטן צו דער דאָזיקער אַרבעט, זיינען אין די פּועלי־ציוניסטישע רייען אין רוסלאַנד פּאָרגעקומען וויכטיקע געשעענישן, וואָס האָבן געצווּנגען די רעדאַקציע־מיטגלידער צו פאַרלאָזן פּאַריז און אומקערן זיך גלייך קיין רוסלאַנד.

## 5. די קאָנסאָלידירונג פון דער ס״ס־ישער פּאַרטיי און די שטעלונג פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע״.

אויב די אינטעליגענטישע גרופּע „וואָזראָזשדעניע״, וואָס אוממיטלבאַר האָט זי קיין אַקטיוון אָנטייל אין לעבן און קאַמף פון די מאַסן ניט גענומען, האָט געקענט מיט אַ לייכטערן געמיט אָפּגעבן זיך דער סיסטעמאַטישער באַגרינדונג און פאָרמולירונג פון אַ אויסגעהאַלטענער פּאַרטיי־פּראָגראַם און ניט אַזוי דוחק את הקץ זיין בנוגע פּאַקטישער קאָנסאָלידירונג און אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַראייני־קונג פון די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, איז פאַר זיי, פאַר די אָרגאַניזאַ־ציעס גופא און פאַר די אַקטיווע טוער און פאַרשטייער זייערע, די קאָנסאָלידירונג און פאַראייניקונג געשטאַנען אויפן ערשטן פּלאַן, און זיי האָבן ניט אויפגע־הערט צו זוכן די וועגן און מיטלען, ווי אַזוי עס צו פאַרווירקלעכן.

נאָך אַן אומגעלונגענעם פּרווו פון ווילנער אָרגאַניזאַציע צו שאַפן אַ צייט־ווייליקן איניציאַטיוו־צענטער, כדי צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינע לאַנד־קאָנ־פערענץ, איז סוף יולי 1904 אין וואַרשע צונויפגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די רעוואָלוציאָנערע פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט: יוסף לעשצינסקי, זלמן מייזנער פון וואַרשע, אַראָן סאָקאָלאָווסקי און שמואל כאַסידאָוו פון קאַטערינאָסלאַוו, אַלטער יפה פון דווינסק, שלמה זוסמאַן פון מינסק (אַ פאָרשטייער פון אָפּגעשפּאַלטענעם לינקן טייל) און נאָך אַ פּאָר חברים.

„צו דער קאָנפערענץ, שרייבט זעליקאָוויטש אין די אויבן ציטירטע זכרונות, האָבן געדאַרפט קומען אויך יהודה נאָוואַקאָווסקי (ירמיה) פון קיעווער פּועלי־ציון, בעני פרידלאַנד פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע״ און זלמן אַבראַמ־סאָן פון ריגע, נאָר צופעליק האָבן זיי נישט געקענט קומען.

„די קאָנפערענץ האָט באַטראַכט די פראַגן וועגן דער באַציונג צום פּאַלע־סטיניזם, וועגן זעלבסט־שוץ און וועגן אַ צוזאַמענפאָר פון אַרבעטער־ציוניסטן אין גאַנצן לאַנד.

„די פאָרקאָנפערענץ האָט זיך באַלד אָוועקגעשטעלט אויף אַ פּרינציפּיעל טעריטאָריאַליסטישן באָדן. הגם צווישן די פאַרטראָטענע אָרגאַניזאַציעס איז געווען איינע אין איר מערהייט אַ פּאַלעסטינישע — די קאַטערינאָסלאַווער — אָבער די קאַטערינאָסלאַווער ביידע דעלעגאַטן (סאָקאָלאָווסקי און כאַסידאָוו) זיינען פערזענלעך געווען טעריטאָריאַליסטן.

„די פראַגע וועגן פּאָליטישן קאַמף איז אַפילו נישט באַהאַנדלט געוואָרן, ווייל, ווי געזאָגט, זיינען אַלע אין דער פאָרקאָנפערענץ באַטייליקטע דעלעגאַטן,

פונקט ווי די דורך זיי פארטראָטענע אָרגאַניזאַציעס, שוין לאַנג געשטאַנענע אויפן רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפונקט.

„די פאַרקאָנפערענץ האָט אויסגעקליבן אַן אָרגאַניזיר־ביוראָ, אין וועלכן עס זיינען אריין יהודה נאָוואָקאָווסקי, יעקב לעשצינסקי, אַלטער יפה, שמואל כאָ-סידאָוו, און אַלס פאָרשטייער פון „וואָזראָזשדעניע“, בעני פרידלאַנד“.

וועגן דעם טעטיקייטס-פעריאָד פון אָרגאַניזיר-ביוראָ ביזן גרינדונגס-צו־זאַמענפאָר פון דער ס“ס-ישער פּאַרטיי אין יאַנואַר 1905 האָבן מיר גאַנץ היפּש מאַטעריאַל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך י. ברעגמאַן אין זיין אַרטיקל „פון די ערשטע יאָרן פון פראָלעטאַרישן ציוניזם“ (רויטער פּנקס 1), דער מאַ־טעריאַל איז אָבער אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער. „דאָס איז, שרייבט ברעגמאַן, דער מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין דער „דיעלאָ“ נומ. 61 פון קיעווער אָכראַנע־אָפּטיילונג און טראָגט דעם טיטל „פּועלי-ציון“. דער מאַטעריאַל באַשטייט אין זיין גרעסטן טייל פון באַגלייט-בריוו פון פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט צו דער קיע-ווער „אָכראַנקע“, צוזאַמען מיט קאָפּיעס פון בריוו, וואָס זיינען איבערגעכאַפּט געוואָרן פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט פאַר דעם משך צייט פון דעם 2־טן מאַי 1904 ביז 8-טן יוני 1905 און וואָס שטאַמען פון דעמאָלטיקן אָרגאַניזאַציע-צענטער פון די פּועלי-ציוניסטישע קרייזן, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין קיעוו, אָדער פון פּערזאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט צו אים“.

„כדי צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער „וואָזראָזשדעניע“-גרופּע קומט צו פאָרן פון וואַרשע קיין קיעוו זלמן מייזנער און נאָך אים יוסף לעשצינסקי. אין אַן איבערגעכאַפּטן בריוו פון לעשצינסקין (אונטערגעשריבן „שוואַרצער“) קיין וואַרשע שרייבט ער פאַרקאָנספּירירט וועגן זיינע אונטערהאַנדלונגען: „די שותּפים“ האָבן בדעה צו נעמען דעם סאַמע לעבעדיקן אָנטייל אין דער אונטער־נעמונג און פאָדערן נאָר, מ׳זאָל צום ענין צוטרעטן אין 6 וואָכן אַרום. זיי האָבן אַ האָפענונג צוצוציען אין משך פון דער צייט נייע „שותּפים“ פון אויסלאַנד. מיר לייגן אייך פאָר אַרבעטן וועגן דעם ענין צוזאַמען מיט זיי. וואָס איז שייך צו די „שותּפים“, זיינען זיי מענטשן זיכערע, געניטע, און אַז זיי וועט, לויט מיין איבערצייגונג, דאָס געשעפט ניט גיין, און ווען ס׳וואָלט אפילו אוועק, איז ניט אויף לאַנג, בעת ביי זיי וועלן אין מענטשן, אין מיטלען, אין וויסן, ווי צו פירן דעם ענין, קיין מניעות ניט זיין“. אונטער דעם איינדרוק זאָגט זיך „שוואַרצער“ אַרויס דערפאַר, דער אָרגאַניזאַציע-צענטער זאָל באַשאַפן ווערן ניט אין דווינסק. „מיר זיינען איבערצייגט, אַז איר, פון דווינסק, וועט ניט זיין בכוח אַליין צו אָרגאַניזירן דעם ענין, ווי געהעריק, נאָר מ׳זאָל אַריבערטראָגן די אַרבעט קיין קיעוו“. און ווירקלעך דאָס אויף דער וואַרשעווער פאָרקאָנפערענץ אויסגעקליבענע אָרגאַניזיר־ביוראָ באַזעצט זיך אין קיעוו און טרעט ענערגיש צו צו דער אַרבעט צוצוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר.

„ס׳האַנדלט זיך, שרייבט ברעגמאַן, צום גרעסטן טייל לויט די דאָקומענטן, וואָס געפינען זיך אין דער „דיעלאָ“, וועגן איינטיילן די רעפעראַטן צום צוזאַ-מענפאָר. אין בריוו פון 9-טן אָקטאָבער באַשטעטיקט דער אָרגאַניזיר-קאָמי-טעט, אַז מאָיסעי (באַזין-זילבערפאַרב) נעמט אויף זיך די באַציונג צום „בונד“

און אנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָלאַדיע (דאַלמאַן-פאַבריקאַנט) און מחבר (בן-אַדיר־ראָזין) קאָררעפערירן וועגן פּאָליטישן קאַמף". צו דעם זעלבן בריוו איז צוגעלייגט אַ קליין בריוועלע צו חיים זשיטלאָווסקי: „אונדז האָט מען איבערגעגעבן, אַז איר נעמט אָן אונדזער איינלאַדונג אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די רוסישע „אַרבעטער-ציוניסטן". מיר ליגן אייך פאָר צו קאָררעפערירן אויפן צוזאַמענפאָר אויף דער טעמע — „אונדזער באַציונג צום אָפּיציעלן ציוניזם". גרעסערע שוועריקייטן רופט אַרויס דער רעפעראַט וועגן „ציוניזם פון אונדזער שטאַנדפּונקט". דער רעפעראַט איז פאָרגעלייגט געוואָרן צוצושטעלן ד"ר סירקינען. דאָס רופט אַרויס ספקות ביי די „וואָזראָזשדענצעס", זיי ווילן מאַכן אַנדערע פאָרשלאָגן.

„צו דער צייט אָבער טראָגט זיך דער שווערפּונקט פון דער אַרבעט פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, און .נאָך מער פון דעם אַזוי גאָענט צו אים שטייענדיקן קיעווער וואָזראָזשדעניע־צענטער אַריבער אויף אַן אַנדער געביט. אין אָנהויב זומער קומט פאָר דער האַמלער פּאָגראָם און אין די ערשטע האַרבסט-חדשים באַלד איינער נאָך דעם אַנדערן קומען פאָר די פּאָגראָמען אין אַלעקסאַנדריע און אין סמעלע, ס'איז ניטאָ קיין זיכערקייט, אַז ס'הויבט זיך ניט אויף אויפסניי אַ פּאָגראָם-כוואַליע, און דער געדאַנק פון דער יונגער יידישער רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפטלעכקייט איז קאָנצענטרירט דערויף, ווי אַזוי אַרויסצוווייזן דאָ דעם געהעריקן ווידערשטאַנד. ס'מוזן אומעטום אָרגאַניזירט ווערן זעלבסטשוץ-אָרגאַניזאַציעס. דאָס מוז אָבער ברייט אָוועקגעשטעלט ווערן, אָרגאַניזאַציאָנעל און פינאַנציעל געשטיצט ווערן פון איין צענטער. דער צענטער זאָל אָבער אימפּאָנירן, דאַרפן אַהין צוגעצויגן ווערן ניט נאָר די סאָציאַליסטישע עלעמענטן, נאָר אויך די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ. און ס'ווערט געבוירן דער געדאַנק וועגן צונויפרופן אַ זעלבסטשוץ-קאָנפערענץ, וואָס אין איר זאָלן נעמען אָנטייל פאָר־שטייער פון די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און אַ ריי פאָרשטייער פון דעם ראַדיקאַלן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ און בירגערלעכע עלעמענטן

„פון דער זייט ווערט מער קלאָר, אַז דער געפּלאַנטער פּאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר וועט נאָך ניט קענען אַזוי גיך פאָרקומען — און ס'איז אוממעגלעך ווייטער צו וואַרטן מיט דער פאַרענטפערונג פון די עלעמענטאַרסטע פּאַרטיי-באַדערפעניש ביז דעם צוזאַמענפאָר.

„דערפון ווערט געבוירן דער פאָלגנדיקער אָרגאַניזאַציע-פּלאַן: ס'ווערט צונויפגערופן די זעלבסטשוץ-קאָנפערענץ, און גלייך נאָך איר אַ פּאַרטיי-קאָנפע־רענץ, אויף אַזאַ אופן, אַז די דעלעגאַטן פון די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציעס, וואָס וועלן קומען אויף דער ערשטער קאָנפערענץ, זאָלן זיך באַטייליקן אין דער צווייטער, און אומגעקערט. נאָך מער: כדי אויף דער זעלבסטשוץ־קאָנפערענץ, וועלכע דאַרף לויט איר באַשטאַנד טראָגן אַ געמישטן כאַראַקטער, זאָלן די פּועלי-ציון בילדן איין פראָנט און האָבן באַצייטנס אויסגעאַרבעט פאָר איר אַ באַשטימטע ליניע פון אויפפירונג, דאַרף פ אַ ר דער זעלבסטשוץ־קאָנפערענץ פאָרקומען אַ פאָרקאָנפערענץ פון אירע פּועלי-ציוניסטישע אָנטייל-נעמער".

אָבער, ווי זאָגט מען עס, א מענטש טראַכט און דער זשאַנדאַרם לאַכט. דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, וואָס פלעגט איבערכאַפּן אַלע בריוו פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, פון דער וואָזראַזשדעניע-גרופּע און אַנדערע פּועלי-ציוניסטישע טוער אין קיעוו, איז געווען גאַנץ גוט אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר און וואָס עס גרייט זיך. דעם 8-טן דעצעמבער 1904, איבערשיקנדיק א גאַנצן פּאַק בריוו, שרייבט דער פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט דער קיעווער אָכראַנקע: „די טע־טיקייט פון די אָרגאַניזאַציעס פון דער יידישער חברה פּועלי־ציון, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן בערך מיט א יאָר צוריק דורך די סאַמע עקסטע ציוניסטן, פּאָדרינט, אַז די אונטערזוכונגס-אָרגאַנען זאָלן זיך צו זיי אויפן שאַרפסטן אופן צוקוקן, ווארום אַט די חברה, וואָס האָט אָפּגעהיט די טרוימערייען פון ציוניזם וועגן בילדן א זעלבשטענדיקע יידישע מלוכה, אַנערקענט אין דער זעלבער צייט די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם און אויך די נויטווענדיקייט פון אַקטיוון פּאָליטישן קאַמף, וועלכער זאָל זיין געווענדט אויף צו באַזייטיקן די גרונד־יסודות פון אונדזערע מלוכה-אָרדענונג. דערמיט, וואָס די נייע באַוועגונג האָט אָפּגעהיט איר פּראָגראַמאַטישן צוזאַמענבונד מיטן ציוניזם, האָט זי אַלע שאַנסן אויף א ברייטער פאַרשפּרייטונג צווישן א באַדייטנדיקן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג און איז, ווי ס'זאָגט דער אַווטאָר פון בריוו, וואָס איז דאָ צוגעלייגט אין א קאָפּיע, „די סאַמע געזונטע, סימפּאַטישע . . . זי אַרבעט איצט, באַנוצנדיק דאָס אַלץ, וואָס ס'באַנוצן דער בונדיזם און סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אָבער זי זעט די לייזונג פון דער יידישער פראַגע נאָר אין אַן אייגענער מלוכה. די פּאַרטיי האַלט באמת אויס יעדע קריטיק און וועט אינגיכן פאַרנעמען אַן אויסשליס־לעכע לאַגע אין דער גאַנצער יידישער וועלט" . . . „אין אָרגאַניזאַציע־פּרט איז נאָך דערוויל די חברה פּועלי-ציון גאַנץ שוואַך, אָבער איצט באַמערקן זיך פון איר זייט ענערגישע פּרווון פעסטער צו באַגרינדן און אויסאַרבעטן איר פּראָ-גראַם, כדי איינצושטעלן סיסטעמאַטישע פאַרבינדונגען צווישן באַזונדערע קרייזן פון דער חברה און אַריינטרעטן אין געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען מיט אַנדערע רעוואָלוציאָנערע חברות, וואָס אַרבעטן אין דער אימפּעריע. אָט די פּרווון איז, איבער די אָנגערופענע טעמים, געוווּנטשן איבערצוהאַקן ביי זייער געבוירן ווערן. דעריבער איז נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דער אָרגאַניזיר-קאָמיטעט פון די „פּועלי־ציון" געפינט זיך אין קיעוו, בעט דער פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט אייער הויך־וווילגעבוירן אָנצונעמען אַלע מיטלען, פעסטצושטעלן די צייט און דעם אָרט פון דער דערמאָנטער קאָנפערענץ, און אין דעם פאַל, אויב זי וועט פּאָרקומען אין קיעוו — צו פאַרהאַלטן אַלע אָנטיילנעמער אירע אויף איינער פון אירע פאַר-זאַמלונגען, כדי אַז אין דעם ווייטערן זאָל מען זיך מיט זיי באַגיין לויט די רעזולטאַטן פון די אונטערזוכונגען". און דעם 19-טן דעצעמבער באַקומט די קיעווער „אָכראַנקע" פאָלגנדיקע טעלעגראַם פון אָדעס: „צוליב דער קאָנפערענץ פון די אָרגאַניזאַציעס „פּועלי-ציון", וואָס איז באַשטימט אין אָדעס דעם 23-טן, בעט איך באַגלייטן און נאָכשפּירן די, וואָס קענען אַרויספאָרן צו אונדז אויף דעם צוזאַמענפאָר. פּאָדפּאָלקאָווניק באָבראָוו". ביי אַזאַ לאַגע איז קיין וווּנדער ניט, וואָס גלייך אויפן צווייטן טאָג פון איר זיצונג, דעם 24-טן בייטאָג, זיינען

אלע באַצייטנס אָנגעקומענע אָנטיילנעמער פון דער פועלי־ציוניסטישער קאָנפערענץ ארעסטירט געוואָרן. פאָלגנדיקע 14 חברים האָט מען ארעסטירט: יהודה נאָוואַקאָווסקי (ירמיה), יעקב לעשצינסקי, וו. לאַצקי-בערטאָלדי (ריגע), שמעון דאָבין (כאַרקאָוו), מאָיסעי געפּשטיין (אָדעס), דוד לעווין (האָמעל), שלמה זוסמאַן (וואַרשע), ש. ניגער (מינסק), בעני פרידלאַנד (קיעוו, „וואָזראָזשדעניע"), יוסף ברעגמאַן (קיעוו, „וואָזראָזשדעניע"), לעוו לעווין (אָדעס), יוסף לעשצינסקי און זלמן מייזנער (וואַרשע).

„דערווייל זיינען ממילא, — שרייבט ברעגמאַן, — אלע פריערדיקע פּלענער, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער קאָנפערענץ, צונישט געוואָרן, הגם די זעלבסטשוץ-קאָנפערענץ איז דאָך פאָרגעקומען, ניט געקוקט אויף דעם ארעסט פון דעם טייל אירן, וואָס האָט זי איינגנטלעך אָרגאַניזירט און וואָס האָט געדאַרפט אויך דורכפירן די גאַנצע ווייטערדיקע אָרגאַניזיר-אַרבעט. די גרופּע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ און פאָרשטייער פון די בירגערלעכע עלעמענטן, וואָס זיינען צו דער זעלבסטשוץ-קאָנפערענץ געווען איינגעלאַדן, איין מאָל שוין געקומען אין אָדעס, האָבן געהאַט גענוג בירגערלעכן מוט, זיך ניט צו לאָזן אָנשרעקן דורך דעם ארעסט פון זייערע לינקע חברים, און האָבן די קאָנפערענץ אָפּגעהאַלטן. אמת, צו קיין פּראַקטישן רעזולטאַט האָט זי — און אפשר טאַקע מחמת דעם באַשטאַנד אירן — ניט געבראַכט, און די אָרגאַניזאַציע, וואָס זי האָט באַשאַפן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר טויט-געבוירן".

דערווייל אָבער זיינען אין פּעטערבורג פאָרגעקומען די גרויסע געשעענישן פון 9־טן יאַנואַר 1905, ווען הונדערטער טויזנטער ארבעטער האָבן זיך געלאָזן אין אַ מאַניפעסטאַציע צום קייזערלעכן ווינטער־פּאַלאַץ און מ'האָט אין זיי געשאָסן, פיל געהרגעט און פאַרוואונדעט. דאָס איז געווען דער גרויסער אוממיטלבאַרער אָנהויב פון דער ערשטער רוסלענדער רעוואָלוציע. דער אַלטער רעזשים האָט גלייך אָנגעהויבן פּלאַצן פון אַלע זייטן, גאַנץ נייע ווינטן האָבן אַ בלאָז געגעבן, די אַטמאָספער פון פּאָליטישן פרילינג האָט זיך שוין דייטלעך געלאָזט פילן, און אַדאַנק דעם זיינען אין אָנהויב פעברואַר 1905 די אַלע 14 אַרעסטירטע אין אָדעס באַפרייט געוואָרן, נאָך איידער די פּאָר דעלעגאַטן, כאָסידאָוו (פון קאַטערינאָסלאַוו) און אַלטער יפה (פון דווינסק), וואָס האָבן פאַרשפּעטיקט אויף דער קאָנפערענץ און דעריבער געבליבן פריי און געבילדעט אַ נייעם צענטער, האָבן געפּרווט צוטרעטן צו ווייטערדיקער אַרבעט. די באַפרייטע האָבן באַשלאָסן זיך ניט פונאַנדערצופאָרן פון אָדעס, איידער זיי וועלן אויספירן די אויפגאַבע, וואָס צוליב איר זיינען זיי אַהער געקומען און וואָס צום טייל האָבן זיי באַוויזן דורכצופירן זי בעת דער געמיינזאַמער זיצונג אין דער אָדעסער תפיסה. קיין אָדעס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן נאָך איניקע חברים און שוין אין עטלעכע טעג נאָך דער באַפרייונג איז אין אָדעס שוין געגאַנגען דער המשך פון דער קאָנפערענץ, ווו ס'זיינען באַטראַכט געוואָרן די הויפּט-פראַגן: וועגן דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם און וועגן דעם 7-טן ציוניסטן־קאָנגרעס. די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט אויף אַ ריין טעריטאָריאַליסטישער פּאָזיציע. אַלס וועג צום טעריטאָריאַליזם האָט זי אָנערקענט די דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען מיט רעגי־

רונגען וועגן באַזעצן פּרייע טעריטאָריעס. וועגן דעם 7־טן קאָנגרעס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין אים אַלס אַ זעלבסשטענדיקע פראַקציע און צו פאָדערן אולטימאַטיוו, עס זאָל אָנגענומען ווערן דער ענגלישער פאָרשלאַג וועגן קאָלאָניזירן אוגאַנדע.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן, מסתמא מחמת די גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן און דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט צו בילדן אין אַזאַ צייט אַ פּאַרטיי־איינהייט, צו דערקלערן זיך, ניט וואַרטנדיק אויף אַן אַנטשפּרעכנדיקן צוזאַמענפאָר, אַלס „גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי“, און האָט אויסגעקליבן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון פאָלגנדיקן באַשטאַנד: יעקב לעשצינסקי, משה ליטוואַקאָוו, אַלטער יפה, וו. לאַצקי־בערטאָלדי, יהודה נאָוואַקאָווסקי, בעני פרידלאַנד און שמעון דאָבין.

אויף אַזאַ אופן איז אין צ"ק פון דער ניי־געגרינדעטער פּאַרטיי אויסגעקליבן געוואָרן דער פאָרשטייער פון „וואָזראָזשדעניע“ פרידלאַנד און ס'איז פאָרגעלייגט געוואָרן דער גרופּע נאָך אַן אָרט אין צ"ק, אין פאַל אויב זי וועט מסכים זיין צו אַרבעטן אין דער פּאַרטיי ס"ס. חוץ דעם זיינען אין צ"ק געווען נאָך צוויי מיט־גלידער — ש. דאָבין און י. נאָוואַקאָווסקי — וואָס זיינען אידעאָלאָגיש זייער נאָענט געשטאַנען צו „וואָזראָזשדעניע“.

די רעדאַקציע־קאָלעגיע פון זשורנאַל „וואָזראָזשדעניע“ האָט גלייך ווי ס'איז איר אָנגעקומען די ידיעה וועגן אַרעסט פון דער קאָנפערענץ באַשלאָסן צוריקקערן זיך קיין רוסלאַנד. און ווירקלעך, ווי נאָר ס'האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען די נויטיקע מיטלען אויף הוצאות הדרך, זיינען מיר אַלע דריי, זילבערפאַרב, פּאַברי־קאַנט און איך, איינער נאָך דעם אַנדערן געקומען קיין רוסלאַנד, ווו מיר האָבן שיין געטראָפן די חברים באַפרייטע, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אונטערהאַנד־לונגען מיטן אויסגעוויילטן צ"ק פון די ס"ס וועגן געמיינזאַמער אַרבעט.

ס'איז לייכט געווען פאָרויסצוזען, אַז ס'וועט זייער שווער זיין צוזאַמענרעדן זיך: צו טיף איז געווען דער אידעאָלאָגישער תהום צווישן אונדז און זיי. און ווירק־לעך, ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן אונדז זיינען דאָ אַזעלכע ערנסטע און גרינדלעכע אידעאָלאָגישע און פּראַגראַמאַטישע חילוקי דעות, וואָס מ'קען ניט און מ'טאָר ניט פאַרלייקענען און פאַרבייגיין. מיר האָבן געשטעלט דעם צ"ק פון די ס"ס אַן אולטימאַטיוון תנאי, אַז בכל אופן די פראַגע וועגן נאַציאָנאַל־פּערסאָ־נאַלער אויטאָנאָמיע, וועגן אַזוי גערופענעם „סיימיזם“, זאָל בלייבן אָפן ביזן ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי. און ווען דער צ"ק פון די ס"ס האָט דעם תנאי אָפּ־געוואָרפן, האָבן מיר איבערגעריסן מיט זיי די פאַרהאַנדלונגען און אָפּגערופן אונ־דזער פאָרשטייער פרידלאַנדן פון צ"ק.

אָבער וואָס איז אונדז געבליבן צו טון ווייטער? „וואָס האָט געקענט טון, באַמערקט זילבערפאַרב אין זיינע זכרונות, אַ גרופּע פון 5 מענטשן, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז זיי האָבן צו זאָגן זייער וואָרט די יידישע אַרבעטער־מאַסן, אָבער זיי זיינען געבליבן שטיין מחוץ למחנה, אויסער די עקסיסטירנדיקע יידישע סאָציאַ־

ליסטישע פּאַרטייען? דער וועג צו דער יידישער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט איז געווען פאַר אונדז פאַרשפּאַרט דורך די עקסיסטירנדיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, די מעגלעכקייט פאַר מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע איז געווען באַגרענעצט ביז גאָר. געבליבן פאַר אונדז איז איין אויסוועג — אָנהויבן פירן אַ שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע זאָל דורכשלאָגן אַ וועג פאַר אונדזערע אידעען. מיר האָבן באַשלאָסן קודם כל צוצוגרייטן וואָס גיכער צום דרוק דאָס דריטע העפט „וואָזראָזשדעניע", וואָס זיין אַלגעמיינער פּלאַן און אינהאַלט האָבן מיר באַטראַכט נאָך אין פּאַריז".

די אַרבעט איז געווען זייער אַן ערנסטע און געפּאָדערט רויק, אָן שטערונגען אָפּצוגעבן זיך איר אין משך פון אייניקע חדשים. מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ קליין שטעטל, אין מיין געבורטס-שטעטל קרוטשע, מאָהילעווער גובערניע, ווו מיר האָבן פאַרן זומער צעגעגרייט דעם זאַמלבוך, וואָס האָט געזאָלט מיט זיך פאָרשטעלן אַן איינהייטלעכע סיסטעמאַטישע באַגרינדונג פון אונדזער פּאַרטיי-פּראָגראַם. אונטער די אַרטיקלען אין זאַמלבוך האָבן מיר דעריבער ניט אונטערגעשריבן די נעמען פון די מחברים, כדי דערמיט צוצוגעבן אים אַ כאַראַקטער פון אַ מין פּאַרטיי־פּלאַטפאָרם.

אין זאַמלבוך זיינען אַריין פאָלגנדיקע אַרטיקלען:

1. דאָס סאָציאַלע און דאָס נאַציאָנאַלע וועזן;
2. די סטאַטיק פון דער יידישער ווירקלעכקייט;
3. די דינאַמיק פון דער יידישער ווירקלעכקייט;

די דריי אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן פון מיר.

4. די פּרינציפּן פון נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע;
5. נאַציאָנאַלע און טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע און די אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט;

די צוויי אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן פון מ. זילבערפאַרב.

6. די ליבעראַלע, דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע שטרעמונגען אין דער יידישער בורזשואַזיע;
7. עטלעכע ווערטער וועגן דער פּראָגראַם פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי.

די לעצטע צוויי אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן פון וו. פאַבריקאַנט.

דעם זאַמלבוך, וואָס האָט זיך געוואונען אָנגעהויבן דרוקן אין אַן אומלעגאַלער דרוקעריי אין בערדיטשעוו, איז אינגיכן מעגלעך געוואָרן אַרויסצולאָזן לעגאַל, אַדאַנק דער געוויסער פּרעסע־פרייהייט, וואָס די רעוואָלוציע האָט צו יענער צייט ערקאָבערט. בשעתו האָט ער דערוועקט אַן אויסשליסלעך לעבהאַפטן אינטערעס צו זיך און אַרויסגערופן אַן ענערגישע פּאָלעמיק פון אַלע זייטן. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די סעריע אַרטיקלען, וואָס פאַסמאַניק און אידעלסאָן האָבן אים געווידמעט אין די מאָנאַטסביכלעך פון „יעווורעיסקאַיאַ זשיזן", די קריטיש-פּאָלעמישע אַרטיקלען אין דער איבעריקער יידישער פּרעסע, איבערהויפּט אין דער בונדישער, ס"סישער און פּועלי-ציוניסטישער.

נאָר דאָס איז שוין פאָרגעקומען אביסל שפּעטער, אין 1906. איך קער זיך אום צום סוף זומער 1905, ווען מיר זיינען פּאַרטיק געוואָרן מיטן זאַמלבוך נאָך א דריי־חדישמדיקער אַרבעט.

„פאַר דער זעלבער צייט, שרייבט ווייטער זילבערפּאַרב אין זיינע זכרונות, האָט זיך אונדזער גרופּע פאַרגרעסערט אין צאָל און געוואַקסן. נאָך דעם ווי דער צ"ק פון ס"ס האָט מיט א מערהייט שטימען באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן קיין פרייע דיסקוסיע אין דער פּאַרטיי וועגן „סיימיזם", זיינען די מיטגלידער פון צ"ק — ש. דאָבין און י. נאָוואַקאָווסקי — ארויסגעטראָטן פון צ"ק און פון דער פּאַרטיי און האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט אונדז, און ס'איז איבעריק צו זאָגן, וואָס פאַר א גרויסער פּאָליטישער געווינס ס'איז געווען פאַר אונדז, וואָס אַזעלכע צוויי אָנגעזעענע טוער, פון וועלכע דאָבינען האָט מען געהאַלטן פאַרן טאַטן פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם, זיינען אַוועק פון ס"ס דווקא צוליב דער „סיימיזם"־פראַגע און זיינען געקומען צו אונדז — נאָוואַקאָווסקי נאָך אין אָנהויב זומער 1905, דאָבין אביסל שפּעטער (דער לעצטער איז ניט אינגאַנצן מסכים געווען מיט אונדזער שטעלונג צו דער טעריטאָריאַליסטישער פראַגע, און דעריבער האָט ער געוואָלט זיין באַשעפטיקט ביי אונדז נאָר מיט א פּאַרטיי־ליטעראַרישער אַרבעט). פון די אויסלענדישע „גרופּעס־סימפּאַטיקער פון וואָזראָזשדעניע" זיינען געקומען אויף אונדזער רוף י. יעפּרויקין און ז. קלמנאָוויטש, וועלכע האָבן זיך באַלד ארויסגע־וויזן אַלס פעיקע טוער. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט מ. ראַסקינען, וועלכער איז געקומען פון מאָסקווע און נאָך א קורצער וואַקלעניש צווישן אונדז און ס"ס איז ער געוואָרן אַן אונדזעריקער. יעפּרויקין מיט ראַסקינען האָבן באַקומען אַדאַנק דער מיטווירקונג פון נאָוואַקאָווסקין די מעגלעכקייט אָנצופירן אין דער מינסקער און באָברויסקער אָרגאַניזאַציעס פון ס"ס א ברייטע פּראָפּאַגאַנדע פאַרן סיימיזם, צו וועלכער די מאַסן האָבן זיך צוגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. הכלל מיט אונדזער ביסל אָרעמקייט האָבן מיר שוין געקענט עפּעס אָנהויבן צו בויען".

„אין סעפּטעמבער 1905, לייענען מיר ווייטער אין זילבערפּאַרבס זכרונות, איז זיך צונויפגעקומען די צווייטע קאָנפערענץ „וואָזראָזשדעניע" (אין קרוטשע), אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען: יוסף ברעגמאַן, מ. זילבערפּאַרב, י. יעפּרוי־קין, שאול כהן, י. נאָוואַקאָווסקי, וו. פאַבריקאַנט, ב. פרידלאַנד, ז. קלמנאָוויטש, בערל קאַצענעלסאָן (א פריש געקומענער חבר פון באָברויסק), א. ראָזין (בן־אדיר) און מ. ראַסקין. צוויי יאָר האָבן אָפּגעטיילט די צווייטע קאָנפערענץ פון דער ערשטער, און ווי גרויס איז געווען דער חילוק אין דער אַרבעט און אין דער פּאָליטישער שטימונג פוןביידע קאָנפערענצן: אויף דער ערשטער קאָנפערענץ זיינען זיך צונויפגעקומען בלאָנדזשענדיקע מענטשן, וואָס האָבן קוים־קוים בלינ־דערהייט אָנגעטאַפּט דעם וועג, אויף וועלכן זיי האָבן זיך געזאָלט שטעלן. די דיסקוסיעס האָבן געטראָגן א ריין טעאָרעטישן כאַראַקטער און האָבן אָפּגעשפּיגלט א פילפאַרביקע פאַרשיידנהייט פון שיטות, מיינונגען, אָנשויונגען, שטימונגען. די צווייטע קאָנפערענץ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט שוין א פעסט־געשלאָסענע, גוט

צוזאַמענגעזוננענע פּאָליטישע גרופּע, וועלכע איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן גלויבן אין איר סאָציאַל-פּאָליטישן אני-מאמין, פאַר וועלכן זי איז גרייט מוטיק זיך שטעלן אין קאַמף. קיין טעאָרעטישע דיסקוסיעס זיינען, אויף וויפיל איך געדענק, כמעט ווי נישט געפירט געוואָרן אויף דער צווייטער קאָנפערענץ, וועלכע האָט זיך דער עיקר פאַרנומען מיט דער פאָרמולירונג פון דייטלעכע און קלאָרע טעזיסן פון די סאָציאַל-פּאָליטישע פאָדערונגען און פון דער טאַקטישער ליניע פון דער גרופּע. די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן צו בילדן אַ פאַרבאַנד פון יידישע סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן. די מיינונג, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ פון אייניקע חברים, אַז דער טעריטאָריאַליזם דאַרף נישט פיגורירן אין נאָמען פון פאַרבאַנד, אַז דאָס איז נישט אונדזער סימן מובהק, האָט ניט באַגעגנט קיין מיטגעפיל ביי דער קאָנפערענץ.

„לויט דער באַשטימונג פון דער קאָנפערענץ, האָבן מיר זיך אַלע געזאַלט פונאַנדערפאָרן אין די גרעסערע יידישע אַרבעטער-צענטערן, ווו מיר האָבן גע־רעכנט דורך אַ ברייטער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אָפּציען צו זיך פון די ס״סישע און אויך פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס גרעסערע צי קלענערע גרופּעס. אָבער באַלד נאָך דער קאָנפערענץ האָבן זיך אומגעריכט געביטן די אויסזיכטן און פּערספּעקטיוון פון אונדזער אַרבעט און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן מיר געמוזט ראַדיקאַל ענדערן די אָרגאַניזאַציע-באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ אַזוי, אַז דעם פאַרבאַנד גופא איז אַלס אַזעלכן ניט אויסגעקומען אַריינצוטרעטן אין לעבן".

## 6. די אויסבילדונג פון דער ״ס״סישער פּאַרטיי

נאָך דער אויסבילדונג פון דער ס״סישער פּאַרטיי, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע יענע פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן רעוואָ־לוציאָנער-סאָציאַליסטישן און טעריטאָריאַליסטישן שטאַנדפּונקט, זיינען דאָך נאָך געבליבן גאַנץ באַדייטנדיקע אָרגאַניזאַציעס, איבערהויפּט אין קאַטערינאָסלאַווער, וויטעבסקער און בערדיטשעווער ראַיאָן, וואָס זיינען אויך געווען רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסטיש געשטימט, זיי זיינען אָבער ניט מסכים געווען מיט דער ס״סישער שטעלונג אין דער פראַגע וועגן טעריטאָריאַליזם און פּאַלעסטיניזם, זיי זיינען געווען דורכוים פאַר פּאַלעסטינע און קעגן יעטווידער לאַנד-זוכעריי. אָבער אין דער צייט, ווען די ס״סישע פּאַרטיי האָט שוין באַוויזן צו קאָנסאָלידירן זיך, צו פירן אַן אָרגאַניזירטן איינהייטלעכן און צוזאַמענגעשלאָסענעם פּאַרטיי-לעבן, זיינען זיי נאָך אַלץ פאַרבליבן אין אַ כאַאָטישן צעשפּליטערטן צושטאַנד. ערשט אויפן 7-טן קאָנגרעס אין אויגוסט 1905 האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן די פּאַר־שטייער פון אַט די אָרגאַניזאַציעס און האָבן אויסגעוויילט אַן אָרגאַניזיר־ביוראָ, וואָס האָט געזאָלט נעמען אויף זיך די אויפגאַבע אידעאָלאָגיש און אָרגאַניזאַ־ציאָנעל צוצוגרייטן און צונויפצורופן דעם גרינדונגס-צוזאַמענפאָר פון דער פּועלי-ציוניסטישער פּאַרטיי. צוליב דעם צוועק האָט דאָס אָרגאַניזיר-ביוראָ, וואָס האָט

זיך געפונען אין קאַטערינאָסלאַוו און וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען מאַטעס לעווקאָווסקי, דער „באַטקאַ", ווי מ'האָט אים דאַן גערופן אין די פּועלי-ציוניסטישע קרייזן — באַשלאָסן, גלייך קומענדיק פון ציוניסטן־קאָנגרעס, צונויפצורופן אַ קאָנפערענץ, אויף וועלכער ס'איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן י. נאָוואַקאָווסקי. אין דער פּאַלעסטינע-פראַגע איז נאָוואַקאָווסקי ניט איינשטימיק געווען מיט דער ס"סישער שטעלונג און די פּועלי-ציון האָבן געהאַט דעריבער אַ גרונד צו רעכע-נען אים פאַר אַ אידעיש נאָענטן חבר, איבערהויפּט נאָך, ווען זיי האָבן זיך דער־וווּסט, אַז איבער פּרינציפּיעלע חילוקי-דעות איז ער ארויסגעטראָטן פון דער ס"סישער פּאַרטיי. ס'פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונדז האָט קיין שאלה ניט געקענט זיין, אַז נאָוואַקאָווסקי דאַרף דעם פאָרשלאַג אָננעמען. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ער זאָל פריער צופאָרן קיין קאַטערינאָסלאַוו, כדי אויפן אָרט גענוי צו דערקונדיקן זיך, ווו זיי האַלטן דאָרטן אין דער וועלט, ווי איז זייער שטעלונג צו די גרונד-פראַגן, וואָס האָבן דאַן פונאַנדערגעטיילט אונדז און די ס"ס, וועלכע פון די צוויי קאָנקרעטע פּראָגראַמען און אידעאָלאָגישע קאָנצעפּציעס נעמען זיי אָן. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז זיי האָבן נאָך ניט קיין קלאָרע שטעלונגען, ס'הערשן ביי זיי געוויסע שטימונגען, נייגונגען, אָבער קיינע אויסגעאַרבעטע, פעסטגעשטעלטע פּרינ-ציפּן, קיינע פיקסירטע מיינונגען, און דאָס אָרגאַניזיר-ביוראָ האָט דעריבער גע-מאַכט אַ פאָרשלאַג די „וואָזראָזשדענצעס", זיי זאָלן קומען אויף דער קאָנפערענץ, תחילת אַלס געסט, דאָרט פונאַנדערוויקלען זייער קאָנצעפּציע און פּראָגראַם, און אויב די קאָנפערענץ וועט דאָס אָננעמען, דאַן בלייבן זיי דאָרט אַלס פולבאַרעכ־טיקטע מיטגלידער און באַהאַנדלען צוזאַמען די אַלע איבעריקע פראַגן פון טאָג-אָרדענונג. אויב אָבער די פּלאַטפאָרם זייערע וועט ניט אָנגענומען ווערן, פאַרלאָזן זיי די קאָנפערענץ, וואָס וועט אַליין פירן ווייטער איר אַרבעט.

מיר האָבן דעם פאָרשלאַג אָנגענומען, הגם ניט גאָר מיט קיין לייכטן געמיט. ביי אונדז זיינען געווען גרויסע ספקות וועגן דעם, צי מיר וועלן קענען זיך מיט זיי צוזאַמענריידן. איבערהויפּט, האָט אונדז געקרענקט ניט אַזוי די פּרינציפּיעלע שטעלונג זייערע צו דער פראַגע וועגן פּאַלעסטיניזם און טעריטאָריאַליזם — פאַר אונדז איז דאָס סוף כל סוף געווען אַ מין הילכתא למשיחא — ווי זייער אָנטייל־נעמען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויפן 7-טן קאָנגרעס, נאָך דעם ווי דער אוגאַנדע-פּראָיעקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן, זיינען די ס"ס ארויסגעטראָטן פון קאָנגרעס און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און זיי, די פּועלי-ציון, זיי־נען דאָרט פאַרבליבן. פאַר אונדז איז דאַן דאָס צוזאַמענאַרבעטן מיט דער בור-זשואַזיע אין איין פּ ר י וו י ל י ק ע ר אָרגאַניזאַציע לחלוטין ניט דערלאָזבאַר געווען. מיר האָבן דעריבער געהאַט אַ יסוד מורא צו האָבן, אַז זיי געפינען זיך נאָך אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, פון וועלכער מיר זיינען דאַן גאַנץ ווייט געשטאַנען. פון דער אַנדער זייט אָבער האָבן דווקא די דרום-רוסלענדער אָרגאַניזאַציעס און, דער עיקר, די גרעסטע קאַ-טערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע, ווי איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן, מיט זיך פאָר-געשטעלט דעם בעסטן, דעם פרישסטן און זאַפטיקסטן עלעמענט אין רעוואָלוציאָ־

נערן און סאָציאַליסטישן זין, און דערצו טאַקע דאָס גופא, וואָס זיי האָבן אָפּגע־וואָרפן דעם ס"סישן שטאַנדפּונקט פון לאַנד־זוכעריי און אומקומטלבאַרער טערי־טאָריאַליסטישער אַרבעט, האָט אונדז געגעבן געוויסע האָפענונגען, אַז ס'וועט אונדז געלינגען צוצוציען זיי אויף אונדזער זייט, שטויסן זיי מאַכן אַ טריט ווייטער — אַרויס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און ביז וואַנען ס'איז נאָך ניט געקומען די צייט און ס'זיינען נאָך ניט געשאַפן געוואָרן די מעגלעכקייטן פאַר דער גרויסער טעריטאָריאַליסטישער קאָלאָניזאַציע, אָפּזאָגן זיך ניט נאָר פון דער טעריטאָריאַליסטישער, נאָר אויך פון דער ציוניסטישער הויך־דיפּלאָמאַטיע און גלייכצייטיק פון דער קליינלעכער, נישטיקער ריין־פילאַנטראָפּישער פּאַלעס־טינע־אַרבעט אויפן אַלטן חובב־ציוניש שטייגער.

פון דער „וואָזראָזשדעניע"־גרופּע זיינען געפאָרן אויף דער קאָנפערענץ אין קאַטערינאָסלאַוו, וואָס איז פאָרגעקומען סוף סעפּטעמבער 1905: נאָוואָקאָווסקי, זילבערפאַרב, פאַבריקאַנט, ברעגמאַן און איך. אין משך פון דריי טעג נאָכאַנאַנד האָבן מיר מיט דער גאַנצער יוגנטלעכער היץ און טיפסטער איבערצייגונג אַלזייטיק פונאַנדערגעוויקלט און באַגרינדעט אונדזער אַלגעמיינע קאָנצעפּציע און נאַ־ציאָנאַל־פּאָליטישע פּלאַטפאָרם. נאָך אַ וואַרעמער דיסקוסיע, נאָך פאַרשיידענע פראַגן, וואָס זיינען אונדז געשטעלט געוואָרן, און דערקלערונגען, וואָס מיר האָבן געגעבן, האָט די קאָנפערענץ ווי איין מענטש דורכויס אָנגענומען אונדזער שטאַנד־פּונקט מיט אַלע זיינע פּראַקטישע פּועל־יוצאס. די קאָנפערענץ האָט אָבער קיין פולמאַכט ניט געהאַט אַזוי ראַדיקאַל צו ענדערן די פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע פּאָזיציעס פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זי האָט פאָרגעשטעלט, איבערהויפּט האָט זי קיין רעכט ניט געהאַט דורכצופירן אין לעבן אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּראַקטישן שריט, ווי אַרויס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ס'איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן קודם כל אונטערצונעמען אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט אין די אָרגאַניזאַציעס גופא, דורכפירן דורך זיי די נייע פּראָגראַם און טאַקטיק.

פאַר אונדז האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ העכסט אָנגעשטרענגטע פיבערהאַפטע טעטיקייט. און ווירקלעך, ס'איז פאַר דעם ווינטער 1905-1906 אָפּגעטאָן גע־וואָרן אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט. איך געדענק — מיך האָט מען באַשטימט פאַר קאַטע־רינאָסלאַוו — אין וואָס פאַר אַן אַטמאָספער פון אויסשליסלעך אָנגעשטרענגטער אַרבעט אונדז איז אויסגעקומען צו לעבן דאַן. מ'האָט באַדאַרפט אַ נייע גאַנץ קאָמפּליצירטע טעאָרעטישע קאָנצעפּציע און פּראַקטישע פּלאַטפאָרם אין אַ קור־צער צייט דורכזעצן פריער אין די פּראָפּאַגאַנדיסטישע, דערנאָך אַגיטאַטאָרישע קרייזן, און צום סוף אין די מאַסן, אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען, ווו ס'פלעגן זיך צונויפזאַמלען ביז 800 מאַן און מער. און מען דאַרף נאָך האָבן אין זינען, אַז ס'איז געווען דער ווינטער פון די גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, ס'איז גע־נוג אָנצווייזן אויף דעם אַלגעמיינעם אייזנבאַן־שטרייק, דעם אָקטאָבער־מאַני־פעסט, די מאַסן־פּאָגראָמען, די אָרגאַניזירונג פון זעלבסטשוץ, דעם דעצעמבער־אויפשטאַנד אין מאָסקווע א. א. וו. די פּועלי־ציוניסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַ־ציעס האָבן זיך כסדר געקאָכט אין אָט דעם פיבערהאַפטן רעוואָלוציאָנערן קעסל

פון אומאויפהערלעכע מיטינגען, פאַרזאַמלונגען און אַנדערע אַרויסטרעטונגען. אין קאַטערינאָסלאַוו האָט נאָך דערצו די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַרנומען זייער אַ חשובן פּלאַץ. דאָס אַלץ האָט מען באַדאַרפט אָנפירן, קאָאָרדינירן די אַרבעט מיט די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. חוץ דעם האָט דאָס אָרגאַניזיר־ביוראָ אין אַ געוויסן זין שוין אַצינד געמוזט אויספירן די פונקציע פון אַ צ״ק פון אַ פּאַרטיי.

און דאָך, גלייכצייטיק מיט אָט דער גרויסער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, האָבן מיר פאַר'ן ווינטער באַוויזן דורכצופירן דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען אין אַלע אָרגאַניזאַציעס פון קאַטערינאָסלאַווער, וויטעבסקער און טיילווייז בערדיטשעווער ראַיאָן. ס'זיינען אויך פאָרגעקומען ראַיאָן־קאָנפערענצן אין קאַטערינאָסלאַוו, ווילנע און בערדיטשעוו. די ערשטע צוויי ראַיאָן־קאָנפערענצן האָבן זיך איינשטימיק אַרויסגעזאָגט פאַר דער נייער פּראָגראַם, די בערדיטשעווער קאָנפערענץ האָט זיך געשפּאָלטן, אַ באַדייטנדיקער טייל האָט זיך אונטער דער אָנפירונג פון ב. באָראָכאָוון אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט פאַר דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין פּאַלעסטינע און קעגן איבעררייסן די באַציונגען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ציוניסטישע קאָנגרעסן.

ענדלעך נאָך די ראַיאָן־קאָנפערענצן איז אין אַפּריל 1906 פאָרגעקומען אין קיעוו דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס'האָט זיך קאָנסטרוירט די „יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי" (באַקאַנט אונטער פאַרקירצטן נאָמען י"סאָוועס, סיימאָוועס, אין רוסיש — „סערפּ", לויטן נאָמען פון רוסישן פּאַרטיי־פאַרלאַג און פּאַרטיי־זאַמלביכער). אויפן צוזאַמענפאָר זיינען קיין דער באַטן איבער פּראָגראַם־פראַגן מער שוין ניט פאָרגעקומען, דאָס איז געטאָן געוואָרן פריער אויף די ראַיאָן־קאָנפערענצן. עס זיינען בלויז אָנגענומען געוואָרן אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציעס. דער עיקר זיינען דאָ באַהאַנדלט און באַשלאָסן געוואָרן פּאָליטישע, טאַקטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן.

לײדער, איז איבער געוויסע סיבות דער אַרכיוו פון דער פּאַרטיי פאַרלאָרן געגאַנגען, און איך האָב פאַר זיך ניט דעם טעקסט פון די אָנגענומענע רעזאָלוציעס, איך וועל זיך דעריבער באַגנוגענען מיט די פאָלגנדיקע אַלגעמיינע אָנווייזונגען, וואָס זיינען דאָ וועגן דעם אין באַריכט פון צ״ק פון יסא״פּ צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט:

„די יסא״פּ באַטראַכט זיך אַלס אַן אָפּטיילונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אַרמיי. איר טעטיקייט פירט זי דורכויס אין הסכם מיט די רעזאָלוציעס פון די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן. דער כאַראַקטעריסטישער גרונד־מאָמענט פון אונדזער פּאַרטיי־פּראָגראַם איז די פאָדערונג צו בילדן עקסטעריטאָריאַלע נאַציאָנאַלע פאַרלאַמענטן (סיימען, פון דאַנען דער נאָמען סיימיסטן, וואָס ווערט אָפט געגעבן אונדזערע חברים), וואָס דאַרפן, נאָך דער איבערצייגונג פון דער פּאַרטיי, פירן צו דער רעכטלעכער לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע. די קאָמפּעטענץ־ספערע פון סיים דאַרף זיך ניט באַגרענעצן בלויז מיט

ריין קולטורעלע און בילדונגס-אנגעלעגנהייטן, נאָר דאַרף אַרומנעמען אויך יענע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן, וואָס זיינען ענג צוזאַמענגעבונדן מיט די היסטאָרישע אנטוויקלונגס-תנאים פון דער געגעבענער נאַציע. ספּעציעל בנוגע דעם יידישן פאָלק שטעלט די פּאַרטיי אַרויס אַ פאָדע־רונג, אַז צווישן אַלע אַנדערע פונקציעס זאָל דעם יידישן נאַציאָנאַלן סיים געגעבן ווערן דאָס רעכט דורכצופירן אַנטשפּרעכנדיקע מאָסנאָמען, כדי צו קאָנצענטרירן די יידישע עמיגראַציע אויף אַ פרייער, ניט באַזעצטער טעריטאָריע. אין דעם זעט די פּאַרטיי די לייזונג ניט נאָר פון דער עמי־גראַציע-פּראָבלעם, נאָר אויך פון דער גאַנצער יידישער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם.

„די אַגראַר-פראַגע אין רוסלאַנד איז פאַרבליבן אין דער פּאַרטיי אַ דיסקוסיע-פראַגע ביז דעם נאָענטסטן אָרדנטלעכן צוזאַמענפאָר. נאָר שוין איצט מערקט זיך אין דער פּאַרטיי אַ טענדענץ אָנצונעמען די אַגראַר־פּראָגראַם פון דער ס"רישער פּאַרטיי אין אַ מער אָדער ווייניקער פולער מאָס.

„וואָס קער זיך אָן די אַנדערע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און רעכט־לעכע פאָדערונגען פון דער פּאַרטיי, טיילן זיי זיך ווייניק אויס פון די אַנטשפּרעכנדיקע פּראָגראַם־פונקטן ביי אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען.

„דער צוזאַמענפאָר האָט באַשטעטיקט די באָיקאָט - טאַקטיק פון אָרגאַניזיר-קאָמיטעט ביי די וואַלן אין דער ערשטער דומע, ער האָט אויך אָנערקענט פאַר ריכטיק די פיינטלעכע פּאָזיציע, וואָס דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט פאַרנומען בנוגע דער „זעלבסטהערשנדיקער קאָנסטיטו-ציע" פון 17־טן אָקטאָבער, און די טאַקטיק פון אומצוטרוי צום ליבעראַל-בורזשואַזן קאָנסטיטוציאָנאַליזם פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי. דער צוזאַ-מענפאָר האָט אָנגענומען דעם פּרינציפּ פון אָרגאַניזיר-קאָמיטעט וועגן סאָציאַליסטישער אומפּאַרטייאישקייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און האָט גלייך אָפּגעוואָרפן ווי דעם פּרינציפּ פון צעשפּליטערן די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען לויט די פּאַרטייען און במילא אויך לויט די נאַ-ציעס (אַזאַ צעשפּליטערונג איז אַ רעזולטאַט פון דער טאַקטיק פון „בונד" און דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע), ווי אויך דעם פּרינ־ציפּ פון אומפּאַרטייאישקייט, וואָס ווערט דורכגעפירט פון די „מענשע-וויקעס".

„אין אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציעס האָט דער צוזאַמענפאָר אונטער-געשטראָכן די שייד־ליניעס, וואָס טיילן אָפּ די פּאַרטיי פון „בונד", וועל-כער איגנאָרירט יענע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. גלייכצייטיק האָט דער צוזאַמענפאָר אָפּגעגרענעצט זיך פון דער ס"סישער פּאַרטיי, וואָס לייקנט דורכויס די מציאות פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן

ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד און האָט פאַר מעגלעך צו קאַאָלירן מיט דער בורזשואַזיע אין ספערע פון טעריטאָריאַליסטישער פּאָליטיק". („סערפּ 2, ז. 386).

דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעקליבן אַ צ"ק און אַ רעדאַקציע פון יידישן און רוסישן פּאַרטיי-אָרגאַנען.

אויף וויפיל איך געדענק, זיינען אין צ"ק געוויילט געוואָרן: זילבערפאַרב, לעווקאָווסקי, נאָוואַקאָווסקי, פאַבריקאַנט, פרידלאַנד, ברעגמאַן און איך; אין רעדאַקציע פון רוסישן אָרגאַן — זילבערפאַרב, פאַבריקאַנט און איך; פון יידישן — זילבערפאַרב, דאָבין און איך.

„די גרופּע „וואָזראָזשדעניע", פאַרענדיקט זילבערפאַרב זיינע זכרונות, האָט זיך דאַן דערקלערט אַלס פונאַנדערגעלאָזן מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז זי האָט אַלס גרופּע איר פּאָליטישע אויפגאַבע ערפילט".

מ. זילבערפאַרב

# אונדזערע ערשטע באַגעגענישן מיט די מאַסן

(זכרונות און מחשבות)

.1

די צווייטע קאָנפערענץ פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע“, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל קרוטשע (מאָהילעווער גובערניע) אין סעפּטעמבער 1905 [1], האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ באַשיידענעם באַנקעט, אויף וועלכן מ'האָט זיך, ווי געוויינטלעך, אויסגערעדט דאָס האַרץ, פריי און געמיטלעך געבראַכט צום אויסדרוק פּערזענלעכע שטימונגען און פאַרבאָרגענע האָפענונגען און געפּרוווט כאַפּן אַ קוק אין דער צוקונפט אַריין. וואָס איז באַשערט אונדזער גרופּע אין דער נאָענטסטער און דער ווייטערדיקער צוקונפט? וועלכער וועג איז פאַר איר אָנגעצייכנט?

— אידישער ערפאָלג, פולשטענדיקער נצחון אין קאַמף מיט די אידישע געגנער אויפן גאַנצן פראָנט! — אַט אַזוי וואָלט מען געקענט פאָרמולירן די הערשנדיקע שטימונג ביי דער מערהייט חברים.

דער דאָזיקער דערמוטיגנדיקער אָפּטימיזם האָט זיך מסתמא גענומען דערפון, וואָס מיר אַלע זיינען געווען יונג און פול מיט בטחון (די עלטערע פון אונדז האָבן דאַן ערשט געהאַלטן ביים בייטן דאָס דריטע צענערל פון זייער לעבנס-עלטער), יעדנפאַלס איז ער געשטאַרקט געוואָרן אויף דער אָקאָרשט פאַרענדיקטער קאָנפערענץ, פון וועלכער מיר אַלע זיינען אַוועקגעגאַנגען מיט דער טיפער איבערצייגונג, אַז אונדזער קאָנצעפּציע איז בכוח צו באַזייטיקן דעם אידעישן כאַאָס, וואָס האָט דאַן געהערשט אין די מוחות פון די פועלי-ציוניסטישע און ס"סישע טוער, און אַריינטראָגן אַ באַשטימטן סדר אין זייער דענקען און שאַפן.

---

1) אויספירלעך וועגן דער דאָזיקער קאָנפערענץ דערציילט בן-אַדיר אין זיין אַרטיקל אין דעם דאָזיקן זאַמלבוך. וועגן דער ע ר ש ט ע ר קאָנפערענץ „וואָזראָזשדעניע“ זע דעם אָקאָרשט דערמאָנטן אַרטיקל פון בן-אַדיר, ווי אויך מיין אַרטיקל „די גרופּע וואָזראָזשדעניע“ אין „רויטן-פּנקס“. 1, וואַרשע, 1921, פאַרלאַג „קולטור-ליגע“.

וואָלטן מיר געוועזן אביסל מער איינגעהאַלטן און ווייניקער לייכטזיניק, וואָלטן מיר ניט אויסגעשטעלט גאַנצע וועלטן אויף אונדזער טעאָרעטישן ערפאָלג. מיר וואָלטן געפונען פאַר פּאַסיקער צו פירן זיך, ווי דער רבונו של עולם, וואָס האָט פריער באַזייטיקט דעם תוהו-ובהו, באַשאַפן די וועלט און ערשט דערנאָך האָט ער איינגעזען, אַז „ס'איז גוט". מיר אָבער האָבן זיך געלאָזט צופרידנשטעלן דערמיט, וואָס די קאָנפערענץ אונדזערע האָט באַוויזן צו פאָרמולירן אין קורצע טעזיסן די עיקרים פון אונדזער פּראָגראַם און טאַקטיק. דאָס האָט בלי שום ספק באַדאַרפט באַטראַכט ווערן פאַר אַ באַשטימטער דערגרייכונג, באַזונדערס ווען מ'נעמט אין אַכט דעם פּלאָנטער פון אידעען און שטימונגען, אין וועלכן ס'האָט זיך אין יענע יאָרן הילפלאָז געראַנגלט דער פּועלי־ציוניסטישער געדאַנק. אָבער די טעזיסן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט נאָר אַ קורצן רעזומע, אַ סך-הכל פון אַ גרע־סערער טעאָרעטישער אַרבעט, וואָס האָט געזאָלט פאַרעפנטלעכט ווערן אין דריטן טאָפּל-העפט „וואָזראָזשדעניע". דער מאַנוסקריפּט פון דעם דאָזיקן העפט איז צום מאָמענט פון דער קראָטאָשער קאָנפערענץ שוין געווען פאַרטיק צום דרוק, און מיר האָבן אים געהיט מיט זאָרג און שטאָלץ, ווי מ'היט אַ געראָטן קינד. דאָס דאָזיקע העפט האָט אַנטהאַלטן, ווי מיר האָבן דאַן געגלויבט, אַ גרינדלעכן אַנאַ־ליז פון דער יידישער ווירקלעכקייט, אויף וויפיל די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן און שטרעבן זיינען אַריינגעשטעלט אין זייער היסטאָרישער ראָאַם און וויסנשאַפט־לעך באַלויכטן געוואָרן, און אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן אַנאַליז איז אויפגעבויט געוואָרן דער סינטעז צווישן דער סאָציאַליסטישער און נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, ווי אויך צווישן זייער קאַמף פאַר סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע רעכט אין די לענדער, וווּ זיי לעבן, און דער טעטיקייט פאַרן טעריטאָ־ריאַלן צענטער, צו וועלכן זיי שטרעבן. מיר זיינען געווען איבערצייגט, אַז אונ־דזער קאָנצעפּציע איז לאָגיש און סאָציאָלאָגיש אַזוי שטאַרק באַפעסטיקט און צעמענטירט, אַז זי וועט באַשטיין יעדן שטורעם פון געגנער און פיינד.

אין יענע צייטן האָבן אַ סך פון אונדז געגלויבט אין דער קראַפט פון לאָגיק באמונה שלמה, ווי אַ גאָטספאַרכטיקער מענטש אין דער קראַפט פון דעם אַלמעכ־טיקן. מיר זיינען געווען זיכער, אַז מיט אונדזער אייזערנער לאָגישער אַרגומענ־טאַציע וועלן מיר איינעמען אַלע אונדזערע געגנער, וואָס וועלן מוזן זיך אונטער־געבן מיט גוטן צי מיט בייזן. מיר האָבן אָבער פאַרזען אַ קלייניקייט, אַז אין פּראָצעס פון פּאָליטישער זעלבסטבאַשטימונג פון מאַסן און יחידים שפּילן די אַנטשיידנסטע ראָל גאָר אַנדערע פּסיכישע פאַקטאָרן, וואָס שטאַמען פון אַנדערע קוואַלן: פון איבערלעבונגען און שטרעבונגען, פון טראַדיציעס און נטיות, פון באַ־גערן און השגות, און אַז די לאָגיק קומט געוויינטלעך מיט איר באַגרינדונג שוין נאָך אַלעמען, ווען די באַשלוסן זיינען צייטיק געוואָרן און ליגן שוין גרייט ערגעץ הינטער דער שוועל פון אונדזער באַוווסטזיין...

איך דערמאָן זיך, אַז אויף דער בערדיטשעווער ראַיאָן-קאָנפערענץ (אויס־פירלעך וועגן איר וועט מיר אויסקומען צו ריידן ווייטער), אויף וועלכער איך האָב מיך געטראָפן מיט ב. באָראָכאָוו, האָט דער לעצטער נאָך דעם ווי ער

האָט אויסגעהערט מיין פאָרטראַג וועגן דער באַגרינדונג פון אונדזער קאָנצעפּציע דערקלערט פון דער טריבונע, אַז די לאָגישע קאָנסטרוקציע פון אונדזער קאָנצעפּציע האָט מיט איר פולקומענקייט און אויסגעהאַלטנקייט אים פאַרשאַפט אַן „עס-טעטישן פאַרגעניגן". באָראָכאָוון, וואָס איז געווען אויסגעקאָכט אין פאַרשיירענע סאָציאָלאָגישע און פילאָסאָפישע שיטות, איז ניט אַזוי לייכט געווען צו „פאַר-שאַפן אַן עסטעטישן פאַרגעניגן" מיט אַ לאָגישער קאָנסטרוקציע, האָבן דעריבער זיינע ווערטער מיר צוגעגעבן מוט און שטאָלץ, און אין האַרצן האָב איך מיר גע-טראַכט, אַז אויב אַזאַ בקי וחריף ווי באָראָכאָוו לויבט אַזוי שטאַרק אונדזער קאָנצעפּציע, וועלן מענטשן מיט קלענערע אינטעלעקטועלע פאָדערונגען געוויס נאָכ-זאָגן „אמן". אָבער ווי ווייט אילוזאָריש זיינען געווען מיינע דעמאָלטיקע האָפע-נונגען, האָב איך זיך איבערצייגט ערשט אין אַ יאָר 15-20 נאָך דער באַשרי-בענער באַגעגעניש מיט באָראָכאָוון, ווען איך האָב געזען, אַז גרויסע מאַסן גייען נאָך ניט נאָך דער „לאָגישער קאָנסטרוקציע", נאָר דווקא נאָך ציוניסטישע לאָ-זונגען, וואָס האָבן אַ סך ווייניקער שייכות מיט לאָגיק און סאָציאָלאָגיע, ווי מיט ראָמאַנטישע אימפּאָנדעראַביליען.

בכלל האָט די פראַגע וועגן צוגיין צו די מאַסן ניט געלאָזט צו רו אייניקע פון אונדז. מיר פלעגן זיך אין דעם פּרט אָנשטויסן אויף שוועריקייטן, וואָס מיר האָבן ניט געוווּסט ווי גובר צו זיין זיי. נאָך מיט אייניקע חדשים פאַר דער קאָנ-פערענץ האָבן זיך באַזעצט אין מינסק צוליב אַגיטאַציע-צוועקן אונדזערע חברים י. י ע פ ר ו י ק י ן און מ. ר א ס ק י ן , וואָס האָבן זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַלס אינטעליגענטע און פעיקע פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן. מיר האָבן ניט געהאַט וואָס צו שעמען זיך מיט זיי פאַר אַנדערע, עלטערע און גרעסערע פאַרטייען. זיי צו הילף פלעגט פון צייט צו צייט צופאָרן קיין מינסק וו. פ א ב ר י ק א נ ט . און דאָך, ניט געקוקט אויף דער אָנשטרענגונג פון די דערמאָנטע חברים אין משך פון עטלעכע חדשים, האָט זיך זיי איינגעגעבן צוצוציען צו אונ-דזער גרופּע נאָר איין און איינציקן אַרבעטער — ה י ר ש ל ד ע ם ש ט ע פ ע ר. דער הירשל איז געווען זייער אַ ווילער בחור און אַ באַוווּסטזיניקער אַרבעטער, אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז ביי אונדז איז ער געווען אַ בן-יחיד, „דער איינצי-קער פאַרשטייער" פון די אַרבעטער-מאַסן? אייניקע האָבן זיך געווערטלט און האָבן אויף אַ וויץ גענעבן הירשלען אַ צונעמעניש „הירשל די מאַסע", ס'הייסט, אַז די גאַנצע „מאַסע" אונדזערע באַשטייט פון הירשלען. אַנדערע האָבן געלאַכט פון דעם וויץ, אָבער געלאַכט מיט יאַשטשערקעס.

און נאָך אַ פאַקט. זומער 1905 איז צו אונדזער גרופּע צוגעשטאַנען ב ע ר ל ק אַ צ ע נ ע ל ס אָ ן פון ב אָ ב ר ו י ס ק (צווישן זיך האָבן מיר אים גערופן פאַרצויגן „ ב ע ר ע ל ע "). דאָס איז דער זעלבער ב. קאַצענעלסאָן, וואָס האָט דערנאָך געשפּילט די אָנגעזעענסטע ראָל ביי דער אָרגאַניזירונג פון דער יידישער אַרבעטער-פאַרטיי אין פּאַלעסטינע, וואָס צו אירע אָנפירער געהערט ער עד-היום. ביי אונדז אָבער האָט זיך אים ניט איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן קיין איין אַרבעטער-קרייזל, צוצוציען כאָטש איין אַרבעטער.

אין קרוטשע גופא האָבן מיר געפירט א קרייזל, אָבער אויך ניט מיט קיין באזונדער גרויסן ערפאָלג.

איבער די אַלע פאקטן האָט מען געמוזט באצייטנס ניט נאָר זיך פארטראכ-טן, נאָר אויך צוטראכטן עפּעס אַן עצה קעגן זיי.

ס'איז העכסט וואָרשיינלעך, אַז מ'האָט באדאַרפט זוכן די סיבה אין דער קאָמפּליצירטקייט פון אונדזער קאָנצעפּציע, וואָס איז געווען פאַר די מאַסן אַ הארבער טעאָרעטישער ענין, אַ שווער לייענען. אין די פאראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע דרייען זיך געוויינטלעך די וואַל-קאַמפּאַניעס אַרום געציילטע פּאָ-פּולערע און אַקטועלע לאָזונגען. די אַמעריקאַנער פּאָליטישע פירער באהויפּטן, אַז די אַמעריקאַנער מאַסן האָבן קיין חשק ניט אַריינצולייגן דעם קאָפּ אין קאָמפּלי-צירטע סאָציאַלע שיטות און פאַרוויקלטע טעאָרעטישע סיסטעמעס. איך ווייס ניט, אויף וויפיל די דאָזיקע באהויפּטונג איז ריכטיק, איך ווייס אָבער גאַנץ בא-שטימט, אַז די מאַסן, וואָס האָבן געזאָלט צושטיין צו אונדזער פּאַרטיי, האָבן ניט נאָר באדאַרפט באהאַוונט ווערן אין דער פּראָגראַם-מאַקסימום און פּראָגראַם-מיני-מום פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, נאָר אויסער דעם אויך דורכנעמען די סיסטעם פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ניט פון קולטורעלער, נאָר ווי מיר פלעגן דאָס באצייכענען, פון נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, וואָס האָט געפאָדערט דעם איבערבוי פון דער מלוכה-אָרדענונג און פון דער אַדמיניס-טראַטיווער מאַכט אויף נייע יסודות, וואָס זיינען דאַן ניט באַקאַנט געווען ערגעץ אין דער וועלט. ועל־כולם האָבן נאָך די מאַסן געמוזט אויפפאַסן דעם אייגנאַרטיקן אויפבוי-פּראָצעס פון דעם טעריטאָריאַלן צענטער. פאַר מענטשן, וואָס זיינען ניט געוויינט צום אַבסטראַקטן דענקען, איז דאָס געווען אַ שווערער שטיקל אַרבעט, ווי תופס צו זיין די פּראָגראַם פון די ציוניסטן אָדער בונדיסטן אָדער אפילו פון די ס"ס.

פאַרשטייט זיך, ס'איז געלעגן ביי אונדז אין די הענט צו פאַרבויגן מער-ווייניק דעם טעאָרעטישן טייל פון אונדזער פּראָגראַם, איבערהיפּן די גאַנצע „סאָ-ציאָלאָגיע" און זיך קאָנצענטרירן אויף די פּראַקטישע פאָדערונגען, וואָס וואָלטן אויף אַזאַ אופן צוגענגלעכער געוואָרן צום פאַרשטאַנד פון די מאַסן. היטלערס פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטער, דער באַקאַנטער ד"ר געבעלס, איז זיך מודה, אַז „געוויס די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע איז פּרימיטיוו, אָבער דער געדאַנק פון פאָלק איז אויך פּרימיטיוו. אונדזער אַגיטאַציע פאַראיינפאַכט בכן די פּראָבלעמען, זי פּאַסט זיי צו צום געדאַנק און האָריזאָנטן פון די פאָלקסמאַסן". מיר אָבער האָבן זיך ניט געקענט דערלויבן צו לאָזן זיך אויפן וועג פון „פאַראיינפאַכונג" פון אונדזערע פּראָבלעמען. מיר וואָלטן דאָס אויפגענומען ווי אַ דערנידערונג פון די מאַסן, ווי אויך פון אונדזער פּראָגראַם, ווען מיר וואָלטן וווּלגאַריש פּאַרפּלאָ-טשיקט אונדזערע טעאָרעטישע הנחות און גרונד-פּרינציפּן. דער אמת האָט שפּע-טער באוויזן, אַז דער רוב פון יענע מאַסן, וואָס זיינען דערנאָך אַריינגעטראָטן אין אונדזער פּאַרטיי, האָט ניט דורכגענומען די גאַנצע אַרכיטעקטור פון אונדזער פילגאָרנדיקן טעאָרעטישן בנין, נאָר האָט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געליינט

אויף איינעם פון די גרונד־זיילן פון דאָזיקן בנין, אויף אונדזער פּאָדערונג פון אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן ס יי ם, און האָבן זיך אַליין און די גאַנצע פּאַרטיי באַצייכנט מיטן נאָמען „ס יי מ י ס ט ן“.

אַ געוויסע שטערונג פאַר אונדזער דערנענטערונג צו די מאַסן האָט זיך גענומען אויך דערפון, וואָס מיר, „וואָזראָזשדענצעס“, זיינען פאַרשמט געוואָרן פאַר ס"רן. בן־אדיר דערציילט שוין אין זיין אַרטיקל, אַז אונדזער ליטעראַטור האָט געמאַכט אַזאַ רושם, אַז פאַרשווייגן זי האָט מען ניט געוואָגט. פריינד און פיינד האָבן איר געווידמעט די נויטיקע אויפמערקזאַמקייט. אַפילו די מיוחסדיקע „איסקראַ“, וואָס איז דאַן אַרויסגעגעבן געוואָרן ביי דער נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט פון אַזעלכע סאָציאַליסטישע גדולים, ווי פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, לענין, מאַרטאָוו, טראָצקי א"אַ און האָט זיך גערעכנט פאַר דער טאָן־געבערין פון דער גאַנצער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט באַלד נאָכן דערשיינען פון דעם ערשטן טאָפּל־העפט „וואָזראָזשדעניע“ אונדז געווידמעט אַן אַרטיקל. ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז די „איסקראַ“ האָט אונדז „אויפגערופן צו דער תורה“, כדי אונדז אַריינצוזאָגן די „תוכחה“, אַז מיר זיינען שאָוויניסטן, פעדעראַליסטן, קליינבירגערלעכע פאַנטאַסטן וכדומה. דער „בונד“ האָט אונדז מכבד געווען אויף אַן אַנדער אופן. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן אונדז ביים געזעלשאַפטלעכן דופּק און האָט אין זיין אָרגאַן „וועסטניק בונדאַ“ געשטעלט דעם דיאַגנאָז, אַז אין אונדז האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַן ס"רישער דיבוק, און אַז מיר זיינען דער גלגול פון ס"ריזם אויף דעם יידישן באָדן.

וואָס אַן אמת איז, זיינען מיר אין איייניקע פּראָגראַם־פּונקטן צוגעגאַנגען נאָענט צו די ס"רן. מיר האָבן קלאָר און אָפן אַוועקגעשטעלט די נאַציאָנאַלע פראַגע און באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז דעם נאַציאָנאַלן פאַקטאָר איז באַשערט אַריינצומראָגן ז יי נ ע טענדענצן און קאָנסעקווענצן אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון רוסלאַנד (ווי אויך פון אַנדערע לענדער מיט אַ געמישטן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג), דעריבער זיינען סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מחויב אַריינצוציען דעם דאָזיקן פאַקטאָר אין חשבון פון די רעוואָלוציאָנערע כוחות, וואָס זיינען מסוגל צו צעברעכן דעם „אַלטן רעזשים“ און אויפבויען אַ נייעם אויף זיינע חורבות. די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אָבער ניט געוואָלט הערן און וויסן פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, זי האָט זי באַהאַנדלט מיט ביטול און חוזק, און ווען אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי איז אַרויסגעשוווּמען די פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער און טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, איז ניט קיין אַנדערער, ווי לענין, אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפער רעדע, אין וועלכער ער האָט די פאָדערונג פון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר אויטאָנאָמיע אינגאַנצן אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, און בנוגע דעם פּרינציפּ פון טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע האָט ער זיך אויסגעדריקט אין ערך אַזוי: טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע? דאָס יאָ, אָבער נאָר פאַר אַזעלכע קאַנטן פון דער רוסלענדישער אימפּעריע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַן אייגנאַרטיקע היסטאָרישע אַנטוויקלונג, ווי למשל פינלאַנד (סיק!).

די ס"רן האָבן פאַרקערט פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז נאָך דער רע-וואָלוציע דאַרף די רוסישע אימפּעריע איבערגעבויט ווערן אויף די יסודות פון פעדעראַציע פון פעלקער און לענדער, — זיינען מיר זיך אין דעם פּונקט צונויפגעגאַנגען מיט די ס"רן.

אויך אין אַן אַנדער פּונקט, אין דער שטעלונג צו דער פראַגע וועגן טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָבן מיר זיך אידעאָלאָגיש דערנעענטערט צו די ס"רן. אין קעגנזאַץ צו די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן די ס"רן, ווי באַקאַנט, געהאַלטן ,אַז אַראָפּברענגען די סאָציאַליסטישע אָרדענונג אויף דער וועלט איז באַרופן ניט איינציק און אַליין דער לוין-אַרבעטער, נאָר בשותפות מיט אים אויך אַ געוויסער טייל פון דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ און דער וויינִיק־פאַרמעגלעכער פויער, הגם דער לעצטער איז אַליין דער אייגנטימער פון זיינע פּראָדוקציע-מיטלען.

אויך פאַר אונדז האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן דעם טרעגער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ס'איז אַ באַקאַנטער און אָנערקענטער פאַקט, אַז איבער דער ספּעציפישער קלאַסן-דיפערענציִרונג פון דער יידישער באַפעלקערונג מאַכט אויס דער לוין-אַרבעטער נאָר אַ קליינעם פּראָצענט פון דער לעצטער, ער איז אָבער אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטער פּעריפעריע פון אַ ניט־פאַרמעגלעכן האַנטווערקערטום, וואָס שטייט לויט זיין סאָציאַלן יחוס און סאָציאַלע אינטערעסן זייער נאָענט צום יידישן אַרבעטער. האָבן מיר דעריבער געוואָגט אוועקצושטעלן די פראַגע, צי קען מען ניט און דאַרף מען ניט צוציען דעם באַצייכנטן האַנטווערקער־שיכט אַלס שותף צום קאַמף פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

איך וועל זיך ניט אונטערנעמען דאָ צו באַווייזן, אַז דורך דער אָנגעוויזענער אידעישער קרובהשאַפט מיט די ס"רן האָבן מיר אויף קיין האָר ניט אָפּגעטרעטן פון דער אָרטאָדאָקסישער מאַרקסיסטישער דאָקטרין. ס'איז אָבער כדאי דאָ צו דערמאָנען, אַז היינט צו טאָג האַלטן די קאָמוניסטן פאַר איינעם פון די עיקרים פון זייער פּראָגראַם, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע קען דורכגעפירט ווערן נאָר מיט פאַראייניקטע כוחות פון דער אַרבעטערשאַפט און פויערטום. דאָס גאַנצע ראַטן־סיסטעם האַלט זיך אויף דער מיטאַרבעטערשאַפט פון דעם פּראָלעטאַריער און פויער, די ראַטן־מלוכה רופט זיך ניט-אַנדערש ווי אַרבעטער און פויערים-רעפּובליק. און פון דער אַנדער זייט איז דער גאַנצער ראַטן-פאַרבאַנד געבויט אויפן יסוד פון פעדעראַליזם מיט אַ ברייטער אויטאָנאָמיע פאַר פעלקער און לענדער. דאָס אַלץ בילדעט איצט דעם אַלף־בית פונם קאָמוניזם, וואָס ווערט אין ראַטן-פאַרבאַנד געלערנט שוין אין דער פאָלקס-שול פון דער ערשטער מדרגה, און ווער ס'פרעגט אָפּ די דאָזיקע „קאַנאָניזירטע" פּרינציפּן ,איז — איך וויים — חייב מיתה. די שטיינער, וועלכע די קאָמוניסטישע פירער האָבן אַמאָל פאַרמיאוסט, זיינען אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווינקל-שטיינער פון דעם גאַנצן ראַטן-בנין.

אויך דער „בונד" אין פוילן האָט נאָך אייניקע וואָקלענישן פאַרבויגן זיין אַמאָליקע טעאָריע און האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן די יידישע וויינִיק-פאַר-

מעגלעכע האנטווערקער, אפילו אזעלכע וואָס באַנוצן זיך טיילווייז מיט לוין-אַרבעט.

אַט די אַלע „פעלשונגען" אין דער אָרטאָדאָקסישער מאַרקסיסטישער דאָקטרין זיינען געשען ערשט שפּעטער מיט יאָרן. אין יענער צייט אָבער, צו וועלכער ס׳באַציען זיך די דאָזיקע מעמוארן, האָבן די דערמאָנטע שטיינער אונדז פאַרשטעלט דעם צוגאַנג צו די אַרבעטער-מאַסן, און מיר האָבן געהאַט ניט ווייניק קלאַפּאָט און קאָפּ־פאַרדרייעניש, כדי זיי אָפּצורוימען פון וועג.

„פריער האָט זיך ביי אַלע ציוניסטן-סאָציאַליסטן, דערציילט אַן עלטערער ס"סישער טוער ב. גוטמאַן, דער מאַרקסיזם זיך גערעכנט פאַר אַ זעלבסט-פאַרשטענדלעכע זאַך. אין אַלגעמיין-פּאָליטישע פראַגן פלעגט מען זיך אָריענטירן אויסשליסלעך אויף דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די „וואָזראָזשדעניע"־קאָנפערענץ, ווו די הויפּט-טאָן-געבער זיינען געווען „סוביעקטיווע אידעאַליסטן" פון לאַווראָוו-מיכאַילאָווסקיס שול, האָט אַריינגעטראָגן אַ נייע פּאָליטישע אָריענטאַציע — אין דער ריכטונג פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" 1).

בן-אדיר באַווייזט שוין אין זיין אַרטיקל, אַז אונדזער קאָנצעפּציע האָט ניט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער שיטה פון „סוביעקטיוון אידעאַליזם". אָבער די איבערגעשראָקענע פאַנטאַזיע פון די יונגע ס"סישע מאַרקסיסטן האָט זיך גע-מאָלט פאַרשיידענע שרעקלעכע זאַכן, אַז אַט נעמט מען און מ׳פאַרקנסט זיי מיט לאַווראָוון און מיכאַילאָווסקין. אַ קשיא אויף די „ס"רישע וואָזראָזשדענצעס"!...

***

און אפשר?

אפשר — איז אויפגעקומען ביי אייניקע פון אונדז דער געדאַנק — איז ניט כדאַי די גאַנצע טרחה, וואָס פּאָדערט זיך, כדי אויפצובויען אַ נייע פּאַרטיי? איז ניט גלייכער צו פאַרבלייבן אַ ליטעראַרישע גרופּע און אַריינלייגן אַלע כוחות אין אונדזער שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע?...

איצט, ווען מ׳וואַרפט לאחר-המעשה אַ בליק צוריק אויפן וועג, וואָס עס איז דורכגעגאַנגען די גרופּע „וואָזראָזשדעניע" און דערנאָך „די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי", קומט אויס דער געבראַכטער געדאַנק קרום, וואָס קרומער קען ניט זיין. אמת איז, אַז אונדזער שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע האָט געהאַט אַ געוויסן ערפאָלג, אונדזער ליטעראַטור האָט, ווי ס׳איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, באַגעגנט אַן ערנסטע באַציונג סיי מצד אָנהענגער, סיי מצד געגנער. באַזונדערס אויס-געצייכנט האָט זיך אין דעם פּרט דאָס דריטע טאָפּל-העפט „וואָזראָזשדעניע", וואָס האָט אין אַ באַשטימטער מאָס מיטגעווירקט, אַז אונדזער נאַציאָנאַלע פּראָ-גראַם זאָל אָנגענומען ווערן פון פּאָליטישע גרופּעס, וועלכע האָבן פון איר ניט גע-ווּוסט און ניט געוואָלט וויסן. ס׳איז דאָ כדאַי צו דערמאָנען, אַז די באַקאַנטע

---

1) ב. גוטמאַן: „צו דער פאָרגעשיכטע פון ס"ס", רויטער פּנקס, 1-טער זאַמלבוך.

העלסינגפאָרסער קאָנפערענץ פון ציוניסטישע טוער, וואָס האָט ראַדיקאַל אָפּגעשניטן מיט דער ביטול-באַציונג פון דער הערשנדיקער ציוניסטישער שיטה צו דער אַרבעט אין „גלות", האָט אָנגענומען אַ סיסטעם פון נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פאַר די „גלות"-לענדער, וואָס האָט זיך אין די וויכטיקסטע פונקטן וויניק אונטערגעשיידט פון אונדזער „סיימיזם". דער וואָרטפירער פון דער העלסינגפאָרסער קאָנפערענץ וו. זשאַבאָטינסקי האָט שפּעטער מיט עטלעכע יאָר אָפּן מודה געווען אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען אין „אָדעסקיאַ נאָוואָסטי", אַז די העלסינגפאָרסער פּראָגראַם איז אָנגענומען געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון די „וואָזראָזשדענצעס".

אויך די פּועלי-ציוניסטישע גרופּעס, וואָס זיינען ניט צוגעשטאַנען ניט צו די ס"ס און ניט צו די י"ס, האָבן אונטער דער אָנפירונג פון ב. באָראָכאָוו אַריינגענומען דעם „סיימיזם" אין זייער פּראָגראַם.

האָבן דעריבער אייניקע פון אונדז, פאַרבלענדט דורך דעם דערמאָנטן ערפאָלג, געקענט גלויבן, אַז מ'קען זיך באַגיין אָן דעם פּאַרטייאישן קלאַפּער-געציינג און נאָר מיטן כוח פון געדרוקטן וואָרט וועט זיך אונדז איינגעבן דורכצוזעצן אונדזערע פּראָגראַם-פּרינציפּן אין לעבן. מיר האָבן נאָר פאַרזען איין קלייניקייט, אַז פּאָליטישע אידעען זיינען ניט קיין וויסנשאַפטלעכע אַבסטראַקציעס, וואָס דאַרפן נאָר ווי געהעריק באַגרינדעט ווערן, כדי מ'זאָל זיי אַקצעפּטירן, אַז פּאָליטישע אידעען קענען זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין געזעלשאַפטלעכן דענקען און לענקען נאָר דורך אַ קאַמף מיטן ווידערשטאַנד פון געגנער און גלייכגילטיקייט פון אָנהענגער. אַפילו דער אויבן דערמאָנטער ערפאָלג ביי געוויסע ציוניסטישע און פּועלי-ציוניסטישע גרופּעס איז אונדז אויך ניט אָנגעקומען גלאַטיק אָן ווייען און געשרייען, אָן אָנפאַלן און דורכפאַלן. ווי אונדזער פּראָגראַם איז באַקאַנט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט, האָט זיך אַרום איר פאַרוויקלט אויף צענדליגער פאַרזאַמלונגען אַ האַרבע דיסקוסיע, אין וועלכער אונדז איז אויסגעקומען אָפּצושלאָגן ערנסטע טענות און פאַרביסענע שטעכווערטלעך און צו באַקעמפן די פאַרגליווערטע פאָרמען פון נאַציאָנאַלן זיין און באַוווסטזיין.

„די ויכוחים — דערציילט זרבבל אין זיינע זכרונות וועגן דער דיסקוסיע צווישן די פּועלי-ציון און „וואָזראָזשדענצעס" — זיינען געווען באַזונדערס אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אין דער פּאָלעמיק מיט די „וואָזראָזשדענצעס" איז מען געווען געצוווּנגען צו פאַרטראַכטן זיך אויף אַ גאַנצן סכום ערשיינונגען, וועלכע מ'האָט פריער ניט געזען אָדער באַוווסטזיניק איגנאָרירט"... „באָראָכאָוו און די איבעריקע חברים האָבן בשעת דער פּאָלעמיק מיט די „סיימיסטן" זיך איבערצייגט, אַז דער לאָזונג פון סיים, פאַר זיך גענומען, איז אַ פּראָדוקטיווער, אַנטשפּרעכט די באַדערפעניש פונם פּראָלעטאַריאַט און ביי אַ געוויסער פּאָליטישער קאָניונקטור קען ער אויך רעאַליזירט ווערן" 1)...

ווער ס'איז צום לענגסטן און צום שאַרפסטן געבליבן געגנעריש געשטימט

---

1) ז. זרבבל: „דער גרינדונגס-פּעריאָד פון „י.ס.ד.א.פּ. פּועלי-ציון". רויטער פּנקס. 1טער זאַמלבוך.

ניט נאָר קעגן אונדזער „סיימיזם“, נאָר קעגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע בכלל, איז דאָס געווען די פּאַרטיי ס״ס. אין משך פון יאָרן האָבן מיר געפירט מיט דער דאָזי־קער פּאַרטיי אין וואָרט און אין שריפט אַן אומאויפהערלעכע דיסקוסיע וועגן אונ־דזערע פּראָגראַם־פּרינציפּן און פּאַרטיי־פאָדערונגען, און ס׳האָט זיך געקענט דוכטן, אַז צום סוף פון דער דיסקוסיע זיינען מיר אידעיש געשטאַנען ווייטער איי־נע פון די אַנדערע, ווי צום אָנהויב. אָבער דער אמת האָט באַוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ פאַלשע פאַרשטעלונג. אַז מיר האָבן זיך שפּעטער מיט יאָרן געזעצט צו־זאַמען מיט די אָנפירער פון די ס״ס צום טיש, כדי צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן פאַראייניקונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳זיינען ניט מער געבליבן אַזעלכע גרינד־לעכע חילוקי־דעות צווישן אונדז, וואָס זאָלן קענען שטערן דער פאַראייניקונג. נאָך דעם ווי די היץ פון דער צווישן־פּאַרטייאישער פּאָלעמיק איז שוין פאַרביי, און יעדע פון די פּאַרטייען האָט זיך געמאַכט איר חשבון־הנפש און זיך אַרומגעקוקט, ווו זי האַלט אין דער וועלט, האָט זי געקענט אָן פאַלשער בושה מודה זיין פאַר זיך און פאַר אַנדערע, אין וואָסער פּרט זי איז געבליבן אומגערעכט לגבי דעם צד שכנגד. און דער סוף איז געווען, אַז די ס״ס האָבן אָנערקענט אונדזער נאַציאָנאַלע פּראָגראַם אין אַזאַ פולער מאָס, אַז מיר האָבן געקענט זיך צונויפגיסן אין איין פּאַרטיי, וואָס עס איז אויך געשען באַלד נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע 1917, ווען די ס״ס אין י״ס האָבן געבילדעט „די פאַראייניקטע יידישע סאָציאַליסטישע אַר־בעטער־פּאַרטיי“.

אָבער אויך דער „פאַראייניקטער“ פּאַרטיי איז אויסגעקומען צו קעמפן פאַר אירע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען ניט נאָר קעגן די אימפּעריאַליסטישע חשבונות פון דער ניט־יידישער און די אַסימילאַטאָרישע חלומות פון דער יידישער בורזשואַ־זיע, נאָר אויך קעגן „בונד“, וואָס איז אַרויסגעטראָטן סיי קעגן דער גרינדונג פון אַ יידישן מיניסטעריום אין אוקראַינע, סיי קעגן געזעץ וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָ־נאָמיע אין דעם פאָרנעם, וועלכן אונדזער פּאַרטיי האָט פאַרלאַנגט 1)...

אָבער איך בין ארויס ווייט פון די גרענעצן פון מיין טעמע. איך בין פאַר־לאָפן אַזש ביזן יאָר 1917, ווען אונדזער פּאַרטיי איז געשטאַנען אין אוקראַינע אין מיטן קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס פאַר זיינע פּאָליטישע און סאָציאַלע רעכט און איז אין דער זעלבער צייט געגאַנגען אין די ערשטע רייען פון דעם קאַמף פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פאַר זייערע נאַציאָנאַלע רעכט. מ׳מוז זיך אומקערן צו־ריק קיין קרוטשע, ווו מיר האָבן אין זומער 1905 געקוועטשט די באַנק איבער יעדן פּונקט פון אונדזער פּראָגראַם. אפילו די גרעסטע אָפּטימיסטן צווישן אונדז האָט ניט געקענט איינפאַלן אַזאַ פאַנטאַזיע אין קאָפּ, אַז אונדז וועט נאָר באַשערט זיין אויסצואַרבעטן ניט נאָר אַ נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פאַר אַז איינציגער פּאַרטיי, נאָר אויך אַ געזעץ וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פון אַ גאַנץ לאַנד.

---

1) אין לעצטן מאָמענט האָט דער „בונד“ דאָך געשטימט פאַרן געזעץ אין דער צענטראַל־ראַדע.

נו, און אונדזערע פעסימיסטן? די זיינען גאַר אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזענע נעזער, זיי האָבן ניט געהאַט די אמונה, אַז אַ מנין יונגעלייט, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אויף דער קראַקער קאָנפערענץ און וואָס האָט דאָן ניט פאַרמאָגט קיין איין אָנגעזעענעם פּאָליטישן פירער, זאָל קענען אַרויסטרעטן קעגן דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט מיט די שוואַכסטע אויסזיכטן אויף ערפאָלג. נעמען זיך בויען אַ פ ע ר ט ע יידישע אַרבעטער-פּאַרטיי? 1) ס'איז פאָלג מיך אַ גאַנג! ווו נעמט מען דערצו כוחות, געלט און דער עיקר אויסדויער אין קאַמף קעגן אַלע? לויט אַ באַשלוס פון דער קראַקער קאָנפערענץ האָבן מיר אַלע געזאָלט זיך פונאַנדערפאָרן אין די גרעסערע פּונקטן פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג און זיך באַמיען צו שאַפן דאָרט אייגענע אָרגאַניזאַציעס. וואָס פאַר אַ קבלת-פּנים ס'וואַרט אויף אונדז מצד די אַרבעטער-מאַסן, האָט קיינער ניט געקענט וויסן. אָבער ס'העלפט ניט. אַ באַשלוס פון אַ קאָנפערענץ לאָזט זיך ניט ברעכן. אייניקע פון אונדז זיינען שוין אָפּגעפאָרן פון קראַקע. פיר חברים זיינען נאָך פאַרבליבן און האָבן זיך געקליבן אין וועג אַריין. אָבער ווען מיר זיינען שוין געשטאַנען אַזוי צו זאָגן מיט איין פוס אויף דער פור, איז פאַר נאָוואַקאָווסקין אָנגעקומען אַן איינלאַדונג אויף אַ קאָנפערענץ פון די קאַטערינאָסלאַווער פּועלי-ציון.

2

**וו**עגן די פּועלי-ציוניסטישע גרופּעס פון קאַטערינאָסלאַווער (ווי אויך פון וויטעבסקער און בערדיטשעווער) ראַיאָן, וועגן זייער פּאָליטישן פּרצוף און רעוואָלוציאָנערער שטימונג, דערציילט אויספירלעך בן-אדיר, וואָס גיט אויך צו פאַרשטיין, פאַרוואָס זיינען ביי אונדז געבוירן געוואָרן האָפענונגען, אַז גראָד די דערמאָנטע פּועלי-ציוניסטישע גרופּעס וועלן אָננעמען אונדזער פּראָגראַם. צו בן-אדירס רייד האָב איך ניט וואָס צוצוגעבן, בפרט אַז איך אַליין האָב שוין באַריִרט די דאָזיקע פראַגע אין מיין אויבן דערמאָנטן אַרטיקל אין „רויטן פּנקס". וואָס אָבער עס מוז דאָ יאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, איז די אַקטיווע, אויב ניט די אַנטשיידנסטע, ראָל, וואָס האָט געשפּילט אין דעם ענין פון אונדזער פאַראייניקונג מיט די פּועלי-ציון י. נ אָ וו אַ ק אָ וו ס ק י אָדער ירמיהו, ווי מ'האָט אים דאָן גערופן אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן.

ירמיהו איז געווען אַ מענטש מיט אַ געוויסן חוש פאַר דער ווירקלעכקייט, מיט אַ שוונק און אַ פאַרנעם און מיט באַדייטנדיקע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן. ער פלעגט זיך שטענדיק אַרומטראָגן מיט גרויסע פּלענער, ניט מער אים האָט געפעלט דאָס געפיל פון פּראָפּאָרץ צווישן צוועק און מיטלען. ער האָט ניט אַלע מאָל געקענט באַהערשן זיין פאַנטאַזיע און צופּאַסן זיינע פּלענער צו די געגעבענע

1) אין יענער צייט זיינען געווען טעטיק אויף דער יידישער אַרבעטער-גאַס פאָלגנדיקע פּאַרטייען: בונד, ס"ס, פּועלי-ציון, אויסער דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז די רוסישע ס"ר. וואָס האָבן אין אייניקע ערטער געהאַט אייגענע יידישע אָרגאַניזאַציעס.

מעגלעכקייטן. פלעגן טאקע זיינע פלענער בלייבן אפטמאל הענגען אין דער לופטן ווי גרונדלאזע ספעקולאציעס, ווי מנחם-מענדלשע קאמבינאציעס. גלייכצייטיק האט ירמיהו פארמאגט א באזונדער קראפט איינצורעדן און איבערצורעדן איי-גענע און פרעמדע. דארטן וווּ יעדער פון אונדז האט געקענט ברענגען צוויי אדער דריי ארגומענטן צו באגרינדן די ארויסגעשטעלטע מיינונג אדער דעם געמאכטן פארשלאג, האט ירמיהו געקענט אריינציען א גאנץ טוץ ארגומענטן און יעדן פון זיי אזוי פשוט און פאפולער אויסטייטשן, אז מיר פלעגן אפט זיך אליין וווּנדערן, ווי אזוי האבן מיר אזעלכע זעלבסטפארשטענדלעכקייטן ניט באמערקט.

ירמיהו האט, ווי געזאגט, באקומען אן איינלאדונג פון דעם פועלי-ציוניסטישן ארגאניזיר-ביורא אין קאטערינאסלאוו, וואס האט לויט אלע ווארשיינלעכקייטן געהאפט אים אריינצוציען אין זיינע רייען. מיר פארקערט האבן געגעבן ירמיהון דעם אויפטראג איבערצוציען דאס ארגאניזיר-ביורא אויף אונדזער זייט. ירמיהו האט אונדזער שליחות אויסגעפירט בשלימות. אין קיעוו, וווּ מיר האבן זיך מיט אים באגעגנט נאך זיין צוריקקער פון קאטערינאסלאוו, האט ער אונדז איבערגעגעבן די איינלאדונג פון ביורא צו קומען אויף זייער קאנפערענץ, דערביי איז מיטן הסכם פון ביידע צדדים אויסגענומען געווארן פאלגנדער באדינג: די קאנפערענץ וועט באשטיין פון צוויי טיילן. דער ערשטער טייל וועט טראגן א בעראטונגס-כאראקטער. מיר, די „וואזראזשדענצעס", וועלן פארטראגן אונדזער קאנצעפציע און פראגראם. וועלן די לעצטע אנגענומען ווערן פון די פועלי-ציון, איז מה טוב. דאן גייט די קאנפערענץ איבער צום צווייטן טייל, אין וועלכן מיר באטייליקן זיך שוין אלס גלייכבארעכטיקטע מיטגלידער און צוזאמען מיט די פועלי-ציון נעמען מיר אן אלע נויטיקע באשלוסן וועגן אלע פראגן, וואס זיינען שייך צו דער טאקטיק און ארגאניזאציע פון דער נייער פארטיי, וועלכע זאל אויסגעבילדעט ווערן פון די אנגעוויזענע פועלי-ציוניסטישע גרופן. זאל אבער, פארקערט, אונדזער קאנ-צעפציע ניט געפינען קיין אנערקענונג ביי די פועלי-ציוניסטישע אנטיילנעמער פון דער קאנפערענץ, דאן פארלאזן זי די „וואזראזשדענצעס", און די פועלי-ציון טוען זיך ווייטער זייער ארבעט שוין אליין, אן אונדז.

אויף דער קאנפערענץ זיינען פון אונדז דעלעגירט געווארן: בן-אדיר, ברענ-מאן, נאוואקאווסקי, פאבריקאנט און איך. ס'האט זיך אזוי געמאכט, אז איך בין באשטימט געווארן פון די חברים אלס איינציקער פארטרעטער, וועלכער האט גע-האט צו רעפערירן אויף דער קאנפערענץ איבער אלע פראגן פון אונדזער קאנצעפ-ציע און פראגראם. ס'וואלט זיכער ניט כדאי געווען וועגן דעם דא צו דערמאנען, ווען דערביי זאלן ניט האבן מיטגעווירקט אייניקע אייגנשאפטן פון אונדזערע חברים, וואס זיינען ווערט פארנאטירט צו ווערן.

י. ב ר ע נ מ א ן איז בכלל קיין פארטרעטער ניט געווען און האט אויך קנאפ געראטן פון דער דאזיקער מלאכה. אין אונדזער גרופע (און שפעטער אויך אין דער פארטיי) פלעגט ער אויספירן כלעריי ארגאניזאטארישע פונקציעס, מיט קיין פארטראגן אדער רעדעס איז ער קיינמאל ניט ארויסגעטרעטן.

ב ן - א ד י ר האט יא געקענט האלטן א פארטראג. לויט דער פ א ר ם

זיינען זיינע פּאָרטראַגן ניט אַלע מאָל אַרויסגעקומען אַזוי פּאָפּולער, ווי געוווּנטשן, דערפאַר אָבער זיינען זיי געווען רייך אין אינהאַלט, פלעגן באַפרוכפּערן דעם גע-דאַנק און באַוועגן דעם צוהערער טיפער אַריינצודרינגען אין די באַהאַנדלטע פראַגן. אין דער באַגרינדונג פון אונדזער קאָנצעפּציע האָט בן-אדיר אַריינגעלייגט מער מוח, ווי ווער פון אונדז, אַזוי אַז גאָט אַליין האָט געבאָטן, אַז בן-אדיר זאָל אַרויס-טרעטן אויף דער קאָנפערענץ מיט אַ פּאָר פּאָרטראַגן. אָבער מיט אים איז געווען אַן אַנדער צרה — ער האָט פיינט געהאַט תכלית שנאה די טריבונע, וועלכע פלעגט אויף אים אָנוואַרפן אַ פּחד, ווי דער ונתנה תוקף אויף דער ווייבער-שול. אין גאַנג פון ז'ער דיסקוסיע פלעגט ער יאָ נעמען אַ וואָרט, אָבער אַוועקשטעלן זיך פאַרן עולם אויף דער טריבונע און האַלטן מעשה-רעדנער אַ גאַנצן פאָרטראָג מיט אַ פּאַסיקן אַריינפאַר, ווי ס'פירט זיך, און מיט אַ קלינגענדיקן אויסלאָז צום סוף — דאָס האָט איר ביי אים ניט געקענט פועלן. און פלעגט ער עס יאָ אַמאָל טון, איז נאָר דאַן, ווען קיין אַנדער ברירה איז ניט געווען, ווען ס'איז ניט געווען אויפן אָרט קיין אַנדער חבר, וואָס זאָל אים קענען פאַרטרעטן. בכלל האָט ער אויס שע-מעוודיקייט אָדער באַשיידנקייט ליב געהאַט צו בלייבן אין שאָטן. אָבער מערקוויר-דיק, אין שאָטן פלעגט זיין פערזענלעכקייט אַרויסקומען קלאָרער און העלער, ווי אין דער ליכט, אַזוי ווי ס'שיינען אַרויס ביי רעמבראַנד זיינע פּאָרטרעטן, וואָס זיינען איינגעוויקלט אין שאָטן...

וו. פּ אַ ב ר י ק אַ נ ט האָט איבער אַנדערע סיבות ניט געקענט נעמען אויף זיך קיין פאָרטראָג. ער איז געווען אַן אַסימילירטער ייד. דערצויגן אין טיף-רוסלאַנד, ערגעץ-ווו אין ריאַזאַנער גובערניע, איז פּאַבריקאַנט געווען צווישן אונדז דער „פּאַניע", וואָס האָט זיך „צוריקגעקערט" צום יידנטום. אויף די פאַרזאַמלונ-גען, אויף וועלכע אים איז אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן, פלעגט ער זיך אויסצייכע-נען פון אַנדערע רעדנער מיט זיין ריינער רוסישער שפּראַך און אויסשפּראַך, צו וועלכער דער אויער פון אַ געוויינטלעכן יידן פון „תחום" איז גאָרניט צוגעוויינט געווען. פּאַבריקאַנט האָט פאַרמאָגט אַן אָדער פון אַ פּעליעטאָניסט, און ס'איז ניט געווען וואָס צו מקנא זיין זיינעם אַן אָפּאָנענט, וועלכן ער האָט גענומען אויפן צימבל. קיין גאַנצער פון זיינע הענט איז ער שוין ניט אַרויס. ער פלעגט אים ביי-קומען ניט אַזוי פיל מיט דער שווערער אַרטילעריע פון וואָגיקע אַרגומענטן, נאָר פלעגט אים מבטל מאַכן מיט די שפּיציקע פיילן פון זיין הומאָר און וויץ. שווערער אָבער איז פאַר אים געווען צו האַלטן אַ גרינדלעכן פאָרטראָג, ווו ס'האָט זיך געפאָ-דערט צו קאָנצענטרירן דעם געדאַנק און אים קאָנסעקווענט צופירן ביז צו די אָנגעמערקטע טעאָרעטישע הנחות.

ירמיהו פּאַרקערט האָט יאָ געקענט האַלטן אַזעלכע פאָרטראָגן, אָבער דאָס מאָל האָט ער זיך דערפון אָפּגעזאָגט, — זיין אַרבעט אויף דער קאָנפערענץ, האָט ער דערקלערט, וועט ליגן ניט אויף דער טריבונע, נאָר אַזוי צו זאָגן אין די קולואַרן, אין סעפּאַראַטע שמועסן און ויכוחים מיט איינצלנע פועלי-ציוניסטישע אָנפירער.

אַזוי דרום איז געשען, אַז אַלע רעפעראַטן וועגן פּראָגראַם-פראַגן זיינען אַרויס-

געלייגט געוואָרן אויף מיר, און נאָר איין רעפעראַט וועגן אָרגאַניזיר-עניינים האָט אויף דער קאָנפערענץ געהאַלטן ירמיהו.

***

אָבער נאָך איידער די קאָנפערענץ איז צוגעטראָטן צו איר אַרבעט, האָט ירמיהו באַצייטנס אָנגעהויבן צו פירן זיך אין דער קאַטערינאָסלאַווער פּועלי-ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע מעשה בעל-הבית, וואָס האָט שוין איבערגענומען צו זיך די שליסל פון דער פּייער-קאַסע און זיי אַריינגעלייגט טיף אין דער הויזן-קע-שענע. איך בין זיך משער, אַז ירמיהו האָט אַזוי געהאַנדלט טיילווייז מחמת דעם, וואָס ער איז לכתחילה געווען זיכער אין אונדזער ערפאָלג אויף דער קאָנפערענץ, און טיילווייז מחמת דעם, כדי דעם דאָזיקן ערפאָלג צו פאַרזיכערן דורך געשעענע פאַקטן, וואָס זיינען מסוגל נאָך איידער וואָס ווען צו דערנענטערן די צדדים. אַזוי ווערט אין באַשטימטע פאַלן אַרויסגעשיקט די לייכטע קאַוואַלעריע, כדי גיך צו פאַרנעמען געוויסע פּאָזיציעס, נאָך איידער די שווערע אַרטילעריע ווערט אָנהויבן איר אָנגריף-אַרבעט.

ווער ס'האָט געקענט ירמיהון, וועט צוגעבן, אַז די דאָזיקע טאַקטיק איז געווען ווי אָנגעמאָסטן צו זיין אַרט דענקען און ווירקן. אָבער אין געגעבענעם פאַל, וועלכן איך גיי דאָ דערציילן, האָט ירמיהו איבערגעשטיגן זיך אַליין.

איך בין אָנגעקומען קיין קאַטערינאָסלאַוו מיט אַ טאָג פריער פאַר דער קאָנ-פערענץ. אין דעם דאָזיקן טאָג האָט גראָד געזאָלט דאָרטן פאָרקומען אַ פאַרזאַמ-לונג, וואָס האָט געהאַט צו באַטראַכטן די שטעלונג צו דער „בוליגינישער דו-מע“ 1). די פאַרזאַמלונג איז גערופן געוואָרן דורך און פאַר דער ביר-גערלעכער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט אָבער פאַרבעטן אויך פאָרשטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ובתוכם אויך פאָרשטייער פון די פּועלי-ציון. איך ווייס ניט, מיט וועלכע אַרגומענטן ירמיהו האָט געגומען די אָנפירער פון די פּועלי-ציון, אַז אויף דער פאַרזאַמלונג זאָלן גיין ניט זיי, די באַרופענע פאָרשטייער פון די פּועלי-ציון, נאָר ער, ירמיהו, מיט מיר, און אַז אַרויסטרעטן אויף דער פאַרזאַמלונג זאָלן מיר ניט מיט זייערע, פּועלי-ציוניסטישע, פאָדערונגען, נאָר דווקא מיט אונדזער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם. איך ווייס נאָר, אַז מיט אַ פּאָר שעה פאַר דער פאַרזאַמלונג איז ירמיהו צו מיר געקומען שוין מיט אַ פאַרטיקער זאַך:

— פרעגט ניט קיין קשיות, מאַכט ער צו מיר, די פראַגע איז שוין באַשלאָסן געוואָרן אין די געהעריקע פּאַרטיי-אינסטאַנצן. מיר מיט אייך דאַרפן גיין אויף דער פאַרזאַמלונג. מ'דאַרף נאָר זיך באַמיען, אַז אונדזער אַרויסטרעטונג זאָל האָבן אַ וואָס אַ גרעסערן ערפאָלג. וועט אונדזער פּראָגראַם אויסנעמען ביים עולם,

1) בוליגין איז פאַר דעם צאַרס צייטן געווען מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים, און לויטן צאַרס אויפטראַג האָט ער אין יאָר 1905 אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון אַ געזעצגעבערישן אָרגאַן פאַר רוסלאַנד, וועלכער האָט געזאָלט האָבן נאָר באַראַ-טונגס-רעכט. דער דאָזיקער פּראָיעקטירטער אָרגאַן איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „בוליגינס דומע“. די שטעלונג פון די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צו „בוליגינס דומע“ איז געווען אַ נעגאַטיווע.

וועט דאָס האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויך אויפן גאַנג און אויסגאַנג פון אונדזער קאָנפערענץ.

— ערפאָלג איז אַ גאָט-זאַך — ענטפער איך אים מיט אַן אָנשטעל פון לייכט-זיניקייט — באַזונדערס ביי ניט-פּאַטענטירטע רעדנער. אַמאָל געלינגט אַן ארויס-טרעטונג און אַמאָל ניט. אָבער מיר גייען דאָך צוזאַמען, איז אויף ווע‏מען פון אונדז „די שכינה וועט רוען", דער וועט ארויסטרעטן.

די שכינה האָט העכסט-וואַרשיינלעך אויף מיר ניט גערוט, אָבער ארויסטרעטן אויף דער פאַרזאַמלונג האָב איך געמוזט. ירמיהו האָט זיך ארויסגעדרייט פון עסק, פאַרהויפּנדיק זיך אויף אַ שווערן קאָפּ-ווייטאָג (איבעריגנס איז ער אַלע זיינע יאָרן געווען אַ קראַנקער מענטש מיט פאַרשיידענע חולאתן).

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די פאָרנעמסטע זאַלן פון קאַ-טערינאָסלאַוו. די אוידיטאָריע איז באַשטאַנען פון אַ 300 פערזאָן — פאַרשטייער פון פאַרשיידענע בירגערלעכע שיכטן און פרייע פּראָפעסיעס. די באַציונג צו „בוליגינס דומע" איז געווען, ווי עס האָט זיך געלאָזט באַלד מערקן, אַ פּאָזיטיווע. ס'איז נישט מעשה סוחר אָפּצוּוואַרפן דאָס, וואָס עס לאָזט זיך נעמען ביי דער רעגירונג. ווי אזוי וועלן האַנדלען די שלוחים פון יידישן בירגערטום אין „בוליגינס דומע"? מ'האָט ניט באַדאַרפט זיין קיין נביא, כדי דאָס צו טרעפן. מ'האָט עס געקענט ווייסן פאָרויס. דערצו איז געגנוג געווען זיך צוצוהערן צו דעם פוטער-ווייכן טאָן און קבצניש-קאַרגן אינהאַלט פון זייערע רעדעס. לעת-עתה איז דאָך נאָך דער צאַר פעסט געזעסן אויף זיין טראָן, און דער פּאָליציי-פּריסטאַוו איז געזעסן גאַנץ תקיפדיק טאַקע דאָ אין זאַל... נו, יאָ, זיי וועלן שטרעבן צו דערגרייכן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג...

די הכנעה פון די בירגערלעכע ארויסטרעטונגען, וואָס איז געווען לפנים איינ-געוויקלט אין וואַטע פון פּאַרלאַמענטאַרישן „גוטן טאָן", האָט מיך אויפגערעגט. איך בין ארויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפער רעדע, אין וועלכער איך האָב אויסגעגאָסן מיין גאַנצן צער און צאָרן קעגן זייערע באַנצי-שוויינג־השגות, וואָס הויבן זיך אָן מיט „פּראָ:זשיטעלסטוואָ" און לאָזן זיך אויס מיט דער „פּראָצענט-נאָרמע" אין די לערן-אַנשטאַלטן. איך האָב אַנטוויקלט אונדזער פּראָגראַם, וואָס האָט אויס-געזען באַזונדערס בולט און צוציענדיק לגבי זייערע קליינלעכע פאָדערונגען און האָט אָנגעוויזן די רעוואָלוציאָנערע מיטלען, דורך וועלכע אונדזער פּראָגראַם קען פאַרווירקלעכט ווערן...

מיין אוויסטרעטונג 1) האָט געהאַט אַן אומדערוואַרט גרויסן ערפאָלג. פאַר-שטייער פון אַדוואָקאַטן-פאַראיין און דאָקטוירים-פאַרבאַנד האָבן מיך איינגעלאַדן, איך זאָל אין זייערע קלובן האַלטן ספּעציעלע פאָרטראָגן וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָ-נאַלער אויטאָנאָמיע, וועגן נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם וכדומה, דערביי האָבן זיי מיר ארייַנגעזאָגט קאָמפּלימענטן אָן אַ שיעור און אָן אַ מאָס. דערפאַר האָב איך אָבער געקראָגן אַן אָפּשניט פון די חברים פועלי-ציון, וואָס האָבן זיך

1) איך בין ארויסגעטראָטן אונטערן נאָמען גאָלדפאַרב.

געפונען אויף דער פאַרזאַמלונג. פאַרשטייט זיך, אויך זיי זיינען צופרידן געווען, וואָס ז יי ע ר ע ר  אַ פאַרשטייער האָט געהאַט אַזא ערפאָלג, דאָס האָט אויפגעהויבן דעם פרעסטיזש פון זייער פּאַרטיי. אָבער ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז מ׳זאָל קומען אויף אַ פרעמדער פאַרזאַמלונג און פאָרלייגן אין נאָמען פון אַ פּאַרטיי אַ נייע פּראָגראַם, פון וועלכער די פּאַרטיי גופא האָט ניט די מינדסטע אַנונג?

זיי זיינען געווען גערעכט ווי גאָלד. איך האָב ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן און זיי אָפּגעשיקט צו ירמיהון. יענער האָט מיט זיי לאַנג איינגעטענהט, געבראַכט צענדלינגער באַווייזן, אַז אַליץ איז אין בעסטער אָרדענונג און אויסגעלאָזט האָט עס זיך דערמיט, מיט וואָס ס׳לאָזט זיך געוויינטלעך אויס ענלעכע פאַלן, אַז „זיגער משפט מעז ניט“.

***

די קאָנפערענץ האָט געדויערט עטלעכע טעג. מצד די פּועלי־ציון האָבן זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליקט:

1. מ אַ ט ע ס  ל ע וו ק אָ וו ס ק י ,  אַ גלענצנדיקער מאַסן־רעדנער מיט אַ שטורעמדיקן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, אָבער מיט שוואַכערע פעיקייטן צו אַבסטראַקטן דענקען. זינט די אָנגעזעענערע פּועלי־ציוניסטישע טוער — שמעון דאָבין, יעקב לעשצינסקי, שמואל כאַסידאָוו — זיינען אַוועק צו די ס״ס, איז לעוואָקאָווסקי געבליבן דער עלטערער, דער סאַמע אויטאָריטעטער פּועלי־ציוניסטישער פירער אין קאַטערינאָסלאַוו. אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער „פּאַראייניקטער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי“ איז לעווקאָווסקי געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן אידעאָלאָגיש זיך דערנעענטערן צו די קאָמוניסטן (אין יאָר 1919 איז ער צוזאַמען מיט דער ערשטער גרופּע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון אונדזער פּאַרטיי, איבער צו די קאָמוניסטן און האָט פאַרנומען פאַרשיידענע פּאָסטנס ביי דער ראַטן־מאַכט. לעצטנס איז ער געווען פּראָפעסאָר אין קרים, ווו ער האָט געלייענט לעקציעס איבער דער געשיכטע פון מאַרקסיזם. אין 1925 איז אויף אים געפאַלן אַ חשד, אַז ער איז געכאַפּט אין טראָצקיזם, און מ׳האָט אים דורכט זיך, פאַרשיקט ערגעץ אין די ווייטע מקומות).

2. מ י כ ל  ל ע וו י ט אַ ן  האָט געהאַט אַלע מאַנירן און תנועות פון אַ ישיבה־בחור. אַפילו שטייענדיק אויף דער טריבונע, האָט ער מער געקנעלט ווי גערעדט, געאַרבעט מיטן גראָבן פינגער, פאַרטייטשט און איינגעחזרט מיטן עולם אַ שטיקל האַרבע טעאָריע. צו טעאָרעטישע פראַגן האָט ער געהאַט נייגונג און פעיקייט, ער האָט זיך מיט זיי פאַרנומען מיט חשק און התמדה. דערפאַר אָבער האָבן אין יענער צייט רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און שטרעבונגען ניט געשטורעמט זיין גייסט און ניט געלאָקט זיין פאַנטאַזיע. רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען זיינען ביי אים געווען ניט מער ווי לאָגישע אויספירן פון באַשטימטע פּראָגראַם־הנחות, אָבער ניט קיין אויסדרוק פון אינעווייניקסטן דראַנג צו קאַמף און פּראָטעסט (צו די קאָמוניסטן איז ער איבערגעגאַנגען אין יאָר 1919 און פון זיי איז

ער באשטימט געוואָרן פאַרן פאַרוואַלטער פון דער יידישער סעקציע פאַר פאָלקס-בילדונג צוערשט אין מאָסקווע און דערנאָך אין כאַרקאָוו. פון דאָזיקן פּאָסטן איז ער שפּעטער אָפּגערופן און באַשטימט געוואָרן פאַר א רעדאַקטאָר פון פאַרשיידענע יידיש-קאָמוניסטישע אויסגאַבן).

3. כמעלניצקי (פּאַרטיי־צונעמעניש כמילקע) — א שניידער־אַרבעטער מיט זודיק בלוט און א היציקן גייסט. אין טעאָרעטישע פראַגן איז ער געווען ניט אַזוי שטאַרק באַהאַוונט, אים האָט אַלע מאָל צוגעצויגן דאָס ראַדיקאַלע, דאָס עקסטרעמערע. פון אים האָט ווי אַרויסגעשפּאַרט דער שטורעמדיקער ווילן צו ברעכן און צו בויען (ער איז אוועק פון אונדז צום „בונד"; און באַלד דערנאָך צו די קאָמוניסטן. די לעצטע האָבן אים געלאָזן אויף אומלעגאַלער אַרבעט אין קרים בעת דער הערשאַפט פון די ווייס-גוואַרדייער. ער איז אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט און זיי האָבן אים פאַרמשפּט צום טויט. אין דער לעצטער נאַכט פאַר דער תליה האָט ער זיך אין טורמע פאַרסמט).

4. שלמה קאַראַך — א שלאָסער-אַרבעטער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין מיושבדיקייט און געזעצטקייט. אויב כמילקע איז געווען באַליבט ביי דער אַרבעטער-מאַסע אדאַנק זיין רעוואָלוציאָנערן אימפּעט און דרייסטקייט, איז שלמה געווען ביי איר געאַכט פאַר זיין געלאַסנקייט און באַטראַכטקייט (ער האָט אין דער צייט צווישן דער רעוואָלוציע פון 1905 און 1917 באַוויזן אויסצוהאַלטן דעם עקזאַמען אויף מאַטורע, ענדיקן דעם מעדיצינישן פאַקולטעט און אָנהויבן צו פּראַקטיקירן ווי א דאָקטאָר. וואָס איז מיט אים ווייטער געוואָרן, ווייס איך ניט).

5. א. עפּעלבוים —א ציין-דאָקטאָר לויט זיין בילדונג און פאַך, האָט פאַרמאָגט גאַנץ באַדייטנדיקע אָרגאַניזאַטאָרישע און רעדנערישע פעיקייטן. ער איז געווען אויסגעקאָכט אין לעבן פון דער אָרגאַניזאַציע, אָבער היות ער איז געווען א שטיקל באַרימער און ניט אַלע מאָל פּינקטלעך אין זיינע באַהויפּטונגען, איז ער געווען ניט זייער באַליבט אין די פּאַרטיי-קרייזן.

וועגן די איבעריקע פּועלי-ציוניסטישע אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ — פּעטיע מאַנזאָן, פּעטיע גורעוויטש (ביידע סטודענטן), ב. אַלטער, דעלעגאַט פון פּוילן, י. ווילענקין, דעלעגאַט פון וויטעבסק (ער זאָל זיין געווען אין ראַטן-פאַרבאַנד אַרעסטירט און פאַרשיקט צוליב א חשד אין מענשעוויזם) קען איך גאָר ניט זאָגן, ווייל זיי האָבן ניט געמאַכט אויף מיר קיין טיפן איינדרוק, אַז ער זאָל לאָזן נאָך 30 יאָר איינגעקריצט אין מיין זכרון די אָדער יענע שטריכן פון זייער גייסטיקער פיזיאָנאָמיע. מעגלעך, אַז אויף דער קאָנפערענץ זיינען א חוץ די אויסגערעכנטע חברים געווען נאָך אייניקע דעלעגאַטן. אָבער אין דעם פאַל האָב איך שוין אפילו זייערע נעמען פאַרגעסן. ס'איז שוין פאַרט אוועק פון יענער צייט א היפּש ביסל יאָרן, און נאָך וואָס פאַר א יאָרן? אַזוי פיל איבערגעלעבט און אַזוי ווייניק זיך דערלעבט...

***

די דיסקוסיעס אויף דער קאָנפערענץ האָבן זיך געפירט אין א חברישן, אבסאָלוט ניט קיין פּאָלעמישן טאָן. קיינער פון אונדז האָט זיך ניט באמיט א וו ע קצ ו ל י י ג ן זיין אָפּאָנענט, נאָר פארקערט צוזאַמען מיט אים זיך א י ב ע ר צ ול י י ג ן, ווי אזוי דארפן די פּראָבלעמען אוועקגעשטעלט און פארענטפערט ווערן. נאָר איין מאָל האָט א שארפער פּאָלעמישער טאָן א גרילץ געטאָן אומדערוואַרט אין די אויערן. דאָס איז געשען באלד נאָך מיין פארטראָג וועגן אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דער ערשטער האָט גענומען דאָס וואָרט צו דער דיסקוסיע ל ע וו י ט א ן און איז ארויס מיטן באַקאַנטן מענה-לשון: די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אונדז אַלע מאָל געלערנט, אז „פארן פּראָלעטאריאַט איז ניט קיין עסק צו פרעדיקן אויטאָנאָמיזם און פעדעראַליזם“, די גאַנצע נאַציאָנאַלע פראַגע איז נאָר א שפּיצל פון דער בורזשואַזיע, וואָס איז צוגעטראַכט געוואָרן מיט דער כוונה צו פארבלענדן דאָס קלאַסן-באַוווסטזיין פון פּראָלעטאריאַט, אז די פּועליציון, אַלס אייסגעהאַלטענע מארקסיסטן, קענען ניט אויפנעמען דעריבער די פאָרגעלייגטע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אין זייער פּראָגראַם אַא"וו אין באַקאַנטן נוסח.

ל ע וו י ט א נ ס דרשה, וואָס האָט זיך אריינגעריסן, ווי א קוויטש אין דעם חברישן טאָן פון אונדזערע פארהאַנדלונגען, האָט געהאַט די פּעולה, אז באַלד האָט גענומען א וואָרט לעווקאָווסקי, וואָס האָט אַלס עלטערער חבר אָנגעוויזן לעוויטאַנען אויף דער אומגעלומפּערטקייט פון זיין ארויסטרעטונג.

מ'קען אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן די פּראָגראַם פון די „וואָזראָזשדענצעס“, האָט לעווקאָווסקי געטענעט, מ'קען אָבער ניט לייקענען, אז זיי האָבן א פּראָגראַם. ווער אָבער ס'באַהויפּט, אז אויך די פּועלי-ציון האָבן א פּראָגראַם, דער מאַכט זיך נאָר לעכערלעך, זיי האָבן ניט קיין שום פּראָגראַם, נאָר א מישמאַש פון בעלהבתיש-ציוניסטישע שטרעבונגען און רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטאַרישע שטימונגען. מ'מאַכט זיך אויך לעכערלעך, ווען מ'וויל פארמאַכן די אויגן אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס ליגט אין יסוד פון פּועלי-ציוניסטישן וועזן און שטרעבן...

די דאָזיקע פּשוטע אָבער הארציקע ווערטער, וואָס זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרן פון אזא אָנגעזעענעם טוער ווי לעווקאָווסקי און זיינען משמעות ארויסגעדרונגען פון טיפער איבערצייגונג, האָבן לויט מיין מיינונג געהאַט א גרויסע ווירקונג אויפן גאַנג פון דער קאָנפערענץ, וואָס האָט באַלד צוריק פארקערעוועט די דיסקוסיע אויפן וועג פון חברישן מיינונגס-אויסטויש, פון וועלכן ס'האָט זי גע־פּרווט ארויספירן לעוויטאַן. די דיסקוסיע וועגן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען האָט זיך געצויגן לענגער, ווי די דעבאַטן איבער די אַנדערע פראַגן. אָבער ווען מ'האָט שוין געהאַלטן ביים סוף, און די פּרינציפּיעלע חילוקי-דעות האָבן אויסגעוויזן צו זיין ערליידיקט, האָבן זיך געלאָזט פילן מניעות פון פּסיכאָלאָגישער נאַטור, וואָס וואָלטן געקענט ביי א ניט גענוג דעליקאַטער באַהאַנדלונג ברענגען צו פארפרעמדטקייט און פארביטערונג צווישן די צדדים, וועלכע האָבן זיך געזאָלט פאראייניקן. ס'האָט זיך ניט ווילנדיק געשאַפן א מאָדנע לאַגע, אז אן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט עטלעכע טויזנט מיטגלידער, האָט געזאָלט אָננעמען די פּראָגראַם פון א קליינער גרופּע „וואָזראָזשדענצעס“ און איבערגעבן די אָנפירונג אין אירע

הענט. ס'איז אויסגעקומען, ווי אין דער באַקאַנטער לעגענדע וועגן דער אנטשטייונג פון רוסלאנד, ווען ס'זיינען געקומען פון דער פרעמד אין א קליינער צאָל די אזוי גערופענע „וואריאגן" און האָבן אָנגעהויבן צו הערשן און צו קיניגן איבער די רוסן. די פריערדיקע אָנפירערס פון דער אָרגאַניזאציע האָבן זיך געפילט דערשלאָגן, הינטערשטעליק און מינערווערטיק. די דאָזיקע שטימונגען האָבן זיך ווי שווערע שטיינער אוועקגעלייגט אויפן וועג צו אונדזער פאראייניקונג און מ'האָט זיי געמוזט אויף א טאַקטישן אופן ליקווידירן.

מיר האָבן אָנגעוויזן די פּועלי-ציון, אז אויב מיר „וואָזראָזשדענצעס", וואָס האָבן א לענגערע צייט פארבראַכט אין אויסלאַנד, האָבן מחמת דעם געהאַט די מעגלעכקייט זיך מער צו פארנעמען מיט טעאָרעטישע פראגן, איז דאָס בכלל נים קיין גרויסער פארדינסט, נאָר א צופאַל. א סך א גרעסערן ווערט האָט די ארבעט פון די פּועלי-ציוניסטישע פירער, וואָס האָבן פאר דער לעצטער צייט באוויזן פּאָליטיש צו אָרגאַניזירן גרעסערע מאַסן און זיי צו דערציען צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אויב אונדז איז באַשערט צו פאראייניקן זיך, וועט דער דאָזיקער פארדינסט זייערער קיינמאָל נים אויסגעמעקט ווערן פון דער געשיכטע פון דער פאראייניקטער פּאַרטיי.

דער אָפּנהאַרציקער שמועס אויף דער דערמאָנטער טעמע האָט א סך מיטגעווירקט, אז דער פלאַץ פאר איבערגעטריבענע אַמביציעס און אָפּגעריבענע טראַדיציעס איז געוואָרן א סך שמעלער, און אונדזערע קעגנזייטיקע באַציונגען — א סך נעענטער, זיי זיינען געוואָרן נים נאָר חברישע, נאָר אויך פריינדלעכע, און ווען ס'איז ענדלעך אוועקגעשטעלט געוואָרן צו אָפּשטימונג די רעזאָלוציע, אז די קאָנפערענץ נעמט אָן אונדזער פּראָגראַם און באַשטימט זי אוועקצושטעלן אויף דער דיסקוסיע אין די פּאַרטיי-אָרגאַניזאציעס, איז די דאָזיקע רעזאָלוציע דורכגעגאַנגען א י י נ ש ט י מ י ק (אויך לעוויטאַן האָט געשטימט פאר איר).

נאָך דעם איז די קאָנפערענץ איבערגעגאַנגען צו באַטראַכטן אָרגאַניזאציאָנעלע און לויפנדיקע פּאָליטישע פראגן. אָבער וועגן דעם דאָזיקן טייל פון דער קאָנפערענץ קען איך גאָרנים מיטטיילן, ווייל באַלד נאָכן אָננעמען די אויבן דערמאָנטע רעזאָלוציע האָב איך פארלאָזט די קאָנפערענץ. איך האָב געמוזט צוליב פערזענלעכע דרינגענדיקע ענינים אָפּפאָרן אויף עטלעכע טעג.

3

ויט א באַשלוס פון דער קאַטערינאָסלאַווער קאָנפערענץ זיינען יעפּרויקין, לעוויטאַן, נאָוואָקאָווסקי און איך באַשטימט געוואָרן אויף ארבעט אין וויטעבסק און וויטעבסקער ראיאָן. דער וויטעבסקער ראיאָן איז געווען א גאַנץ באַדייטנדיקער, ער האָט ארומגענומען נים נאָר די אַמאָליקע וויטעבסקער גובערניע, נאָר אויך א גרעסערע צאָל פונקטן פון מאָהילעווער און אפילו פון ווילנער גובערניע, ווו ס'האָבן זיך געפונען פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאציעס. די וויטעבסקער אָרגאַניזאציע איז געווען די גרעסטע אין גאַנצן ראיאָן, זי האָט אין יענער צייט געציילט א 600-700 מיטגלידער, וואָס זיינען לויט זייער בילדונגס-גראַד און אנטוויקלונגס-

שטופּע איינגעטיילט געוואָרן דורך אונדז אין פיר גרופּעס. יעדער פון די אָנגערו-פענע חברים האָט באַדאַרפט פירן די פּראָפּאַגאַנדע פון דער נייער פּראָגראַם אין איינער פון די פיר גרופּעס. מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן די מער אַנטוויקלטע גרופּע, די אָפּגעשטאַנענסטע גרופּע האָט אויף זיך גענומען נאָוואָקאָווסקי, וואָס האָט פאַרמאָגט די פעיקייט צו פּאָפּולאַריזירן פאַרוויקלטע טעאָרעטישע פראַגן.

די אַרבעט אין די גרופּעס איז צוגעגאַנגען ניט אינגאַנצן גלאַטיק. אדרבא זי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ לאָגישן און פּסיכאָלאָגישן ווידערשטאַנד מצד דער מאַסע.

פּ אַ ר אונדז האָט אַ שטיק צייט אָנגעפירט די וויטעבסקער אָרגאַניזאַציע אַ באַקאַנטער פּועלי-ציוניסטישער טוער ז אַ ק ה יי ם , וועלכער האָט פאַרשלאָגן די קעפּ פון די וויטעבסקער חברים מיט אַזעלכע משונהדיקע סאָציאַלע און נאַציאָ-נאַלע טעאָריעס, אַז זייער פּאָליטישער געדאַנק האָט זיך אומבאַהאָלפן געפּלאָנ-טערט אין אַ גערוכטער נעץ פון די דאָזיקע טעאָריעס, ווי אַ פליג אין אַ שפּינ-וועבס. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ געוויסע מי, כדי גרינגלעך אַוועקצוראַמען דאָס דאָזיקע שפּינוועבס און דורכצושלאָגן אַ וועג צו די מוחות פאַר מאָדערנע אידעען און לאָזונגען. פון דער אַנדערער זייט האָט מען געמוזט בייקומען דעם פּסיכאָלאָגישן ווידערשטאַנד, וואָס האָט זיך גענומען פון אַ געפיל פון פרעמדקייט לגבי די „וואָז-ראָזשדענצעס", וועלכע האָבן ביז דאַן פּאָליטיש מיט דער מאַסע ניט געלעבט און בכלל מיט איר זיך נאָך ניט איינגעלעבט.

איך ווייס ניט ווי ביי אַנדערע חברים, נאָר ביי מיר איז דער „אַסימילירונגס"-פּראָצעס מיט די מאַסן צוגעגאַנגען מיט שווערע מאָראַלישע יסורים. אין וויטעבסק פלעג איך זיך כמעט יעדן טאָג טרעפן מיט דער מאַסע — אויף קרייזלעך, אויף פּאַרטייאישע פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען, ווי אויך אויף פאַרווייל‌ונגס-אָוונטן און ליאַמעס. אומעטום, ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך געזוכט אַ וועג צו די מוחות און די הערצער פון די מאַסן-חברים, איך האָב זיך באַמיט וואָס גיכער און האַסטיקער איבערצושפּרינגען דעם פּסיכאָלאָגישן מהלך, וואָס טיילט אָפּ דעם פּאַרטיי-איגטעליגענט פון דער פּאַרטיי-מאַסע, איך האָב זיך געוואָלט וואָס גיכער „פּראָלעטאַריזירן", ס'איז אָבער ניט געגאַנגען. אַלע מאָל האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף עפּעס אומבאַקאַנטע מניעות, אַלע מאָל איז עפּעס געבליבן ניט דעררעדט און ניט דערזאָגט. פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען זיינען איבערהויפּט ניט מסוגל צו שאַפן די פּאַסיקע באַדינגונגען פאַר אַ דערנענטערונג צווישן דעם אינטעלי-גענט און דער מאַסע. אדרבא, די רעדנער-טריבונע איז אין אַ געוויסער מאָס אַ מחיצה — ניט נאָר אין רוים, נאָר אויך אין פּסיכיק — צווישן דעם רעדנער און דער אוידיטאָריע. דער רעדנער שטייט אויף דער פאַרזאַמלונג העכער פון דער אוידיטאָריע, אָבער כדי צו ווערן נ אָ ע נ ט ע ר , מוז מען זיין ג ל יי כ ע ר . פאַרקערט, אויף די פאַרווייל‌ונגס-אָוונטן ווערט יאָ געשאַפן אַ גינסטיקע אַטמאָס-פער פאַר צוגענגלעכקייט און צוגעלאָזנקייט. אָבער אויך דאָ האָבן מיינע באַמיונגען איינצושטעלן מער האַרציקע, מער היימישע באַציונגען מיט דער מאַסע, ווי צוויי-שן גלייכע, געגעבן אַ קנאַפּן רעזולטאַט. ס'האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן צו ווערן

„צו לייטן גלייך". איך ווייס ניט, צי איז געלעגן די שטערונג אין מיין אויסזען אדער אין מיין האלטן זיך, איך ווייס נאר, אז צווישן מיר און דער וויטעבסקער מאסע איז געבליבן א דיסטאנץ, וועלכע איך האב ניט געקענט אריבערשפאנען. איך בין ניט געווארן ביי דער מאסע קיין אייגענער מענטש, איך בין געבליבן א חבר, איך בין אבער ניט געווארן קיין חבר-לאוור מיט א פריינדלעכן קלאפ אין פלייצע און א שטיפערישן שטויס אין זייט. איבעריקנס האב איך צו א ז א פארם פון היימישע באציונגען מיט דער מאסע לכתחילה גארניט געשטרעבט.

מערקווירדיק אבער איז, וואס מיט דער קאטערינאסלאווער מאסע האבן זיך ביי מיר איינגעשטעלט א סך מער פריינדלעכערע און ווארעמערע באציונגען ווי מיט דער וויטעבסקער, הגם מיט דער ערשטער האב איך פארבראכט א סך ווייניקער ווי מיט דער לעצטער. מעגלעך, אז דאס איז געשען דערפאר, וואס די קאטערינאסלאווער מאסע איז געווען אביסל גרויס-שטעטישער און קולטורעלער פון דער וויטעבסקער. און אפשר דערקלערט זיך דאס גאנץ פשוט דערמיט, וואס זי האט בעסער פון דער וויטעבסקער פארשטאנען די רוסישע שפראך, וועלכע איך האב אין יענער צייט באנוצט אין מיין פארקער מיט דער מאסע? בן-אדיר דערציילט שוין אין זיין ארטיקל, אז אין אלע אונדזערע ארויסטרעטונגען פלעגן מיר דאן גע-ברויכן אויסשליסלעך די רוסישע שפראך. אין וויטעבסק אבער און אין וויטעב-סקער ראיאן, ווו די מאסע האט די דאזיקע שפראך מערסטנטיילס קנאפ פאר-שטאנען, האבן אייניקע פון אונדז (יעפרויקין, נאוואקאווסקי א. א.) אנגעהויבן ביסלעכווייז איבערצוגיין אין זייער פראפאגאנדע און אגיטאציע צו יידיש. דאס האט זיי געמאכט פארשטענדלעכער און צוגענגלעכער פאר דער מאסע, וואס האט ממש אויפגעלעבט, ווען זי האט באקומען די מעגלעכקייט זיך אויסצוטענען און דורכצושמועסן זיך מיט די פארטיי-פירער אויף מאמע-לשון. איך פארקערט האב זיך ניט געזענט אפרייסן פון דער רוסישער שפראך. איך האב זיך איינגערעדט, אז אויב איך וועל ארויסטרעטן אויף יידיש, וועט זיך ביי מיר א ווארט צו א ווארט ניט קלעפן. אויסער דעם האב איך געהאט א מרה-שחורה, אז מיט מיין ווארינער דיאלעקט אויף יידיש וועל איך זיך נאר מאכן לעכערלעך ביי דער וויטעבסקער מאסע, וואס האט גערעדט אויפן וויים-רוסישן דיאלעקט. האב איך מיר אלץ גע-בראקט אויף רוסיש און ניט געכאפט זיך באצייטנס, אז דורך דעם אייגנטלעך שטעל איך בידים אוועק א וואנט צווישן מיר און דער מאסע. דאס איז געווען פון מיין זייט א גראבער פעלער, וועלכן איך האב דערנאך פארריכט, אבער מיט א היפ-שער פארשפעטיקונג.

***

נאך עטלעכע חדשים ארבעט אין וויטעבסק און אין ראיאן איז אין ווילנע גערופן געווארן די ראיאן-קאנפערענץ, וועלכע ס'האבן אנגעפירט די חברים יעפ-רויקין, פאבריקאנט, לעוויטאן און שטיף. איך בין ניט געווען אויף דער ווילנער קאנפערענץ, ווייל אין דער זעלבער צייט איז פארגעקומען די ראיאן-קאנפערענץ אין קאטערינאסלאוו, אויף וועלכער איך האב געמוזט אפפארן. די אנפירונג פון דער דאזיקער קאנפערענץ איז איבערגעגעבן געווארן בן-אדירן און מיר. אבער בן-

אדיר האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען, ארויפגעלייגט די ארבעט אויף מיר און אליין זיך פאררוקט אין א ווינקל.

פון דער קאַטערינאָסלאַווער ראיאָן-קאָנפערענץ זיינען ביי מיר ביזן היינטיקן טאָג פארבליבן די בעסטע זכרונות. אויף דער קאָנפערענץ זיינען געקומען א 50-60 דעלעגאַטן. על פי רוב ארבעטער און ארבעטער-אינטעליגענטן. זיי זיינען כמעט אלע געווען געזונטע און מוטיקע יאַטן, פּאָליטיש באַוווסטזיניקע און רעוואָלוציאָנער געשטימטע. ס'איז געווען א פארגעניגן צו האַלטן א פּאָרטראָג פאר דער דאָזיקער אוידיטאָריע אָדער צו פירן מיט איר א דיסקוסיע. איבעריקנס איז קיין דיסקוסיע כמעט ניט אויסגעקומען צו פירן, ס'איז געווען גיכער א חברישער שמועס, אין וועלכן יעדער האָט זיך באַמיט צו דערגאַנצן דעם אנדערנס געדאַנק אָדער צו געפינען פאר אים א פּינקטלעכערע פאָרמולירונג. די דערוווידערונגען און ספקות, וואָס זיינען יאָ ארויסגעזאָגט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ, זיינען אויפגעקלערט געוואָרן אזוי, אז אלע רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרן פון דער קאָנפערענץ איינשטימיק.

מיט אייניקע קאָנפערענץ-מיטגלידער האָב איך זיך פערזענלעך באַפריינדעט, מיט אנדערע בין איך געוואָרן היימיש און מיט אלע צוזאַמען האָבן מיר הארציק און געמיטלעך פארבראַכט א געזעגענונגס-אָוונט נאָך דער קאָנפערענץ.

***

א שווער לייענען האָב איך געהאַט אויף דער בערדיטשעווער ראיאָן-קאָנפערענץ. זי איז אויסגעקומען אָנצופירן ברעגמאַנען, לעוויטאַנען און מיר. צוליב מאנגל אין כוחות איז דער בערדיטשעווער ראיאָן שוואַך באַזוכט און באַארבעט געוואָרן דורך אונדז. ס'זיינען דעריבער פארבליבן אין ראיאָן אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך געטריי געהאַלטן ביי דער אַלטער פועלי-ציוניסטישער פּראָגראַם. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך געשטעלט ב. באַראָכאָוו, וואָס איז געקומען אויף דער קאָנפערענץ אינאיינעם מיט שימשעלעוויטשן (דעם איצטיקן בן-צבי אין ארץ-ישראל) און פּ. ניסן (וואָלאָדיא לוריע, וואָס איז שפּעטער געוואָרן א סיימאָוועץ). איך בין באַשטימט געוואָרן פון דער קאָנפערענץ אלס הויפּט-רעפערענט און באַראָכאָוו אלס קאָררעפערענט.

צו פיירן א דיסקוסיע מיט באַראָכאָוון האָט מען זיך באַדאַרפט אונטערגאַרטלען. א מענטש מיט א רייכער ערודיציע און מיט גרינדלעכע דיאַלעקטישע פעיקייטן, האָט באַראָכאָוו געקענט אָנציען באַווייזן פאר זיין שטאַנדפּונקט פון מאַרקסן און ספּענסערן, פון קאַנטס לערע וועגן דער „פּראַקטישער פארנונפט" און פון שופּעס „דעריקענטניש-טעאָרעטישע לאָגיק". די דאָזיקע אלע ארגומענטן האָט מען געמוזט אָדער אָפּוועגדן אָדער ריכטיק אָנווענדן, האָט מען זיך אזוי אַרום געשאַרפט די מוחות און די צינגער. מחמת דעם דאָזיקן טעם אפשר גיט צו ח' זרובבל גאָר א גרויסע באַדייטונג דער בערדיטשעווער ראיאָן-קאָנפערענץ פאר דער אויסקריסטאַליזירונג פון דער פועלי-ציוניסטישער שיטה. ער זאָגט, אז „אויף דער קאָנפערענץ גופא איז אויסגעמויערט געוואָרן א נייע געפּאַנצערטע פעסטונג פון א

שטרענג מאַרקסיסטישן, וויסנשאַפטלעך באַגרינדעטן, לאָגיש קאָנסטרויִרטן לעבנס־טרייען און קאָמפּספּעיקן פּועלי־ציוניזם". מילא, די פראַגע וועגן די אָן אַ שיעור מעלות טובות, וואָס עס פאַרמאָגט דער פּועלי־ציוניזם, לויט דער אויפפאַסונג פון ח' זרבבל, שטעל איך אוועק אין אַ זייט. איך וויל דאָ נאָר צוגעבן, אַז וואָס אַן אמת איז, האָט די דיסקוסיע אויף דער בערדיטשעווער קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך פאַרצויגן אויף אַ טאָג אַכט און אפשר נאָך מער, זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט אויף אַ געוויסער טעאָרעטישער הויך, פון וועלכער זי האָט זיך ניט אַראָפּגעלאָזט אין דער נידער פון פּאָלעמישע אָנפאַלן און אײַנפאַלן, פון הינטערפיסלעך און שטעכווערטלעך. אין רעזולטאַט פון דער דיסקוסיע האָבן מיר זיך מיט באָראָכאָוון אַזוי ווייט צונויפגעקומען, אַז ער איז גרייט געווען אָנצונעמען דעם „סיימיזם", ער איז אָבער ניט מסכים געוואָרן זיך אָפּצוזאָגן פון אָנטייל צו נעמען אין ציוניסטישן קאָנגרעס און גאַנץ באַזונדערס איז ער באַשטאַנען דערויף, אַז דער פּאַלעסטיניזם זאָל אויפגענומען ווערן אין אונדזער פּראָגראַם. ער האָט געהאַט הונדערט און איין באַווײַז, אַז נאָר פּאַלעסטינע און ניט קיין טעריטאָריע סתם איז אין שטאַנד צו פאַרענטפערן די פראַגע פון קיבוץ־גלות, פון קאָנצענטרירן גרויסע יידישע מאַסן אין דער לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע פון לאַנד.

אַרום די דאָזיקע חילוקי־דעות האָט זיך די בערדיטשעווער קאָנפערענץ געשפּאָלטן. דער גרעסערער טייל איז מיטגעגאַנגען מיט אונדז, דער קלענערער — מיט באָראָכאָוון. אָט די דאָזיקע רעשטלעך פון די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון בערדיטשעווער ראַיאָן האָבן אינאיינעם מיט די אָרגאַניזאַציעס פון די אָרטאָדאָקסישע פּועלי־ציון פון קרים און פּוילן אויסגעבילדעט דעם קערן, וואָס פון אים איז שפּעטער מיט יאָרן אויסגעוואַקסן די פּועלי־ציוניסטישע באַוועגונג (די רעכטע און די לינקע).

אין יאָר 1917, ווען די פּאַרטייען ס"ס און י"ס האָבן זיך צונויפגעגאָסן און געבילדעט די „פאַראייניקטע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי", וואָס האָט באַלד פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין יידישן פּאָליטישן לעבן אין רוסלאַנד בכלל און אין אוקראַינע בפרט, האָט זיך געדאַכט, אַז דער דאָזיקער פּאַרטיי איז באַשערט צו עלטערן זיך מיט די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן אין מאַכט און אין כבוד. די דאָזיקע האָפענונג איז ווי באַקאַנט ניט מקוים געוואָרן. ס'וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט אויפצודעקן די סיבות, וואָס האָבן געפירט דערצו. אָבער ניט דאָ איז דאָס אָרט דערפאַר. ס'איז אַ טעמע פאַר זיך, וואָס ליגט אויסער די ראַמען פון די דאָזיקע מעמוארן.

ד. דאַווידאָוויטש (לוואַוויטש)

# טעריטאָריאַליסטישע זוכענישן

## (זכרונות וועגן לייפּציגער צוזאַמענפאָר פון דער ס״ס-ישער פּאַרטיי)

אָפּט שטעל איך זיך די פראַגע: וואָלט דער גורל פון טעריטאָריאַליזם געווען אַן אַנדערער, ווען אונדזער פּאַרטיי (ס״ס) וואָלט אין איר טעריטאָריאַליסטישער פּאָליטיק פאַרנומען אַן אַנדער פּאָזיציע, אַ מער אַקטיווע, אַ פּאָזיציע פון דירעקטע מעשים, צוזאַמען מיט יט״א אָדער זעלבשטענדיק? און אויך איצט, נאָכן דרייסיקיאָריקן וועג, וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען, איז מיר שווער צו געבן דערויף אַ פּאָזיטיווען ענטפער, פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ס״ס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַדייטנדיקן געזעלשאַפטלעכן כוח — על כל פנים אַ מעכטיקן פאַקטאָר אין דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג פון 1905—1913.

מ'דאַרף געדענקען, אַז דאָס איז געווען אַ פּעריאָד, ווען אוגאַנדיזם, נאָך דעם אוגאַנדע-קאָנגרעס, און דערנאָך טעריטאָריאַליזם איז צווישן די יידישע מאַסן ניט שוואַכער געווען פון ציוניזם — און דאָך איז דער טעריטאָריאַליזם פּרוכטלאָז געבליבן.

די ציוניסטן וועלן דערויף, נאַטירלעך, געבן זייער ענטפער; די יט״א-טעריטאָריאַליסטן וועלן זאָגן, אַז שולדיק איז זאַנגוויל, ווייל ער האָט ניט געוואָלט שאַפן און האָט ניט געשאַפן קיין פאָלקס-אָרגאַניזאַציע; די ס״ס פון אַלטן שניט וועלן זען די סיבה אין דעם, וואָס עס זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען די צוויי פלאַכן — דער פּאָליטישער קאַמף אויפן אָרט און די זוכעניש פון אַ טעריטאָריע ערגעץ אַנדערש ווו. וועגן וואָס עס שרייבן אַזוי אויספירלעך אין זייערע זכרונות די חברים סיימאַוועצעס. האָב איך דאָ ניט בדעה מיט זיי צו פּאָלעמיזירן, איך גלויב אָבער ניט, אַז ווער ס'ניט איז פון די סיימאָוועצעס זאָל באַהויפּטן, אַז ווען די ס״ס וואָלטן אָנגענומען זייער פּראָגראַם, וואָלט דאָס דערנענטערט די פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם. וואָרום אָט האָבן מיר טיילווייז אָנגענומען זייער פּלאַטפאָרם, ביי דער פאַראייניקונג מיט זיי

אין 1917, און דאָך — אויב ניט רעכענען די טעריטאָריאַליסטישע באַגערן פון די יידישע קאָלאָניסטן אין כערסאָנער גוב., וואָס איך בין געווען זייער פאָר־שטייער אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און האָב, כידוע, אויף דעם אַלרו־סישן פויערשן צוזאַמענפאָר אין פּעטראָגראַד פאָרגעלייענט זייער פאָדערונג אויסצוטיילן פאַר די יידישע פּויערים אַ טעריטאָריע אין רוסלאַנד — זיינען מיר צו דער פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם ניט נעענטער געוואָרן.

אַ סך ריכטיקער וועט זיין צו באַשולדיקן אונדז אין דעם, וואָס מיר האָבן ניט געפירט קיין אַקטיווע טעריטאָריאַליסטישע פּאָליטיק, קיין לענדער ניט גע־זוכט, קיין אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס ניט געשיקט, קיינע אונטערהאַנדלונגען ניט אונטערגענומען און קיין געלט פאַר טעריטאָריאַליסטישע צוועקן ניט גע־זאַמלט.

אָפּגעגעבן האָבן מיר זיך נאָר מיט די פּ ר אָ ב ל ע מ ע ן פון טעריטאָריאַ־ליזם, מיט אַנאַליזן און זוכענישן, געשאַפן אַן עמיגראַציע־קאָלאָניזאַציע־טעאָריע פון טעריטאָריאַליזם, וואָס אייניקע חברים אפילו וואַרפן עס נאָך עד היום אונדז, דער עיקר מיר, אויף.

נאָר איך שרייב איצט מיינע זכרונות ניט צוליב דעם, כדי צו רעאַבעלי־טירן די טעאָריע, פאַר וועלכער איך טראָג אין אַ באַדייטנדיקער מאָס די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט. מיר דאַכט אָבער, אַז עס איז ניט בלויז אינטערעסאַנט פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט צו באַקענען זיך מיט איר, נאָר דאָס וועט אונדז אפשר העלפן בעסער פונאַנדערצוקלייבן זיך אין די ערשיינונגען, וואָס קומען איצט פאָר און וואָס רופן אַרויס צווישן די ברייטע מאַסן די זעלבע אידעען, מיט וועלכע מיר האָבן געלעבט אין משך פון פיל יאָרן.

„מיר דאַרפן ניט קיין טעאָריע, נאָר אַ טעריטאָריע!" — האָט אויסגעשריען ד"ר נ. סירקין אויפן לייפּציגער צוזאַמענפאָר. פיל פון אונדז וועלן איצט גערן איבערחזרן די דאָזיקע פראַזע, שוין פשוט דערפאַר, ווייל אַלע טעאָריעס זיינען שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן. נאָר דעמאָלט זיינען מיר מיט סירקינען ניט מסכים געווען. ווען איך זאָל ניט מורא האָבן זיין פּאַראַדאָקסאַל, וואָלט איך געזאָגט: דעמאָלט האָבן מיר זיך טאַקע נעגוויטיקט אין אַ ט ע אָ ר י ע און ניט אין אַ טעריטאָריע.

צו אַ טעריטאָריע, דאַכט זיך מיר, זיינען מיר דעמאָלט נאָך ניט גרייט געווען. און ניט מחמת דעם, וואָס עס איז ניט געשאַפן געוואָרן די געהעריקע אָרגאַניזאַציע, נאָר ווייל ס'האָבן געפעלט די מאַטעריעלע און פּסיכאָלאָגישע פאָרויסזעצונגען פאַר דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם.

איך שטעל מיר איין פראַגע נאָך דער אַנדערער:

פאַרוואָס האָבן יידן ניט עמיגרירט קיין אוגאַנדע, אַן ציוניסטישע קאָנ־גרעסן און אַן טעריטאָריאַליסטן? האָבן דאָך דאָן הונדערטער טויזנטער עמיגרירט קיין אַמעריקע! פּרוווט זיך נאָר פאָרשטעלן, אַז היינט צו טאָג לייגט ענגלאַנד פאַר די ציוניסטן איינע פון אירע קאָלאָניעס, און זיי זאָגן זיך פון איר אָפּ, וואָלטן אַהין ניט געפאָרן הונדערטער און טויזנטער, פּונקט אַזוי ווי זיי פאָרן אין יעדן

באַליביקן לאַנד, ווּ נאָר מ'לאָזט זיי אַריין? וואָלט דען יידן איצט אויפגעהאַלטן פון אימיגרירן דאָס, וואָס דאָס לאַנד איז ניט גענוג קולטיווירט? וואָלטן זיך ניט געפונען פּריוואַטע אונטערנעמער, וואָס וואָלטן פינאַנסירט יידישע קאָלאָניעס? פּאַרוואָס האָבן יידן אין 1911 ניט אַ לאָז געטאָן זיך קיין אַנ־גאָלע, ווּהין די פּאָרטוגעזישע רעגירונג האָט זיי איינגעלאַדן און פאַרגעלייגט זיי אומזיסט ערד? און, צום סוף, פּאַרוואָס האָבן יידן ביז דער מלחמה ניט עמיגרירט קיין פּאַלעסטינע, הגם אַריינדרינגען אַהין איז בימי הסולטאַן גרינ־גער געווען איידער איצט און ערד האָט מען זיך געקענט זיכער פיל ווּלוועלער איינשאַפן?

אָטאָ די אַלע פראַגן האָבן מיר, נאַטירלעך, אין 1906 זיך ניט געקענט שטעלן באַוווּסטזיניק. און דאָך האָבן מיר זיי אַזוי ווי פאַרגעפילט און געגעבן אַן ענטפער, וואָס האָט ביז איצט די קראַפט און דעם באַטייט פון אַ פּאַרויס־זעונג. אין דעם ליגט דער זין און ווערט פון אונדזער יענער דיסקוסיע, וואָס נאָך דראַמאַטישע סצענעס, דעקלאַראַציעס, אַנגעזאָפּטע מיט פּעסימיזם, נאָך דעם ווי אייניקע אָנגעזעענע לידערס פון ס"ס זיינען אַוועק און האָבן פאַר־לאָזן דעם צוזאַמענפאָר, איז זי אַריבער צו אַ פּאַרטיפּטן אַנאַליז פון יידישן לעבן, פון זיין דינאַמיק און פון יענע טעריטאָריאַליסטישע טענדענצן און מעג־לעכקייטן, וואָס זיינען אַ פּועל־יוצא פון דאָזיקן לעבן.

***

כדי צו באַנעמען די פּסיכאָלאָגיע פון די מיטגלידער פון צוזאַמענפאָר, זייער נערוועזקייט און אפילו די היסטערישקייט פון אייניקע, דאַרף מען זיך דערמאָנען אָן די תנאים און אומשטענדן, ביי וועלכע דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען. דער לייפּציגער צוזאַמענפאָר, וואָס מ'האָט אים ניט איין מאָל אָפּגע־לייגט, קלייבט זיך צונויף אין מערץ 1906, נאָך דער רעוואָלוציע פון אָקטאָבער 1905, נאָך די שרעקלעכע פּאָגראָמען און נאָך דעם ביטערן קאַמף, וואָס עס האָט גע־פירט די יידישע — אין אייניקע שטעט די ס"ס־ישע זעלבסטשוץ ניט נאָר קעגן די פּאָגראָמטשיקעס, נאָר אויך קעגן רעגולערן מיליטער (ווי דאָס איז, למשל, געשען אין אָדעס, פון וואַנען איך צוזאַמען מיט מ. קאַץ און א. טור־מאַרקין זיינען געווען דעלעגירט אויפן צוזאַמענפאָר).

מיר וועט דאָ דעריבער אויסקומען אָפּצושטעלן זיך אַביסל אויף יענעם מאָמענט אין לעבן פון דער אָדעסער אָרגאַניזאַציע.

אין 1905 איז די אָדעסער, ווי פיל אַנדערע ס"ס־ישע אָרגאַניזאַציעס, שטאַרק אויסגעוואַקסן, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר רעוואָלוציאָנעריש־קייט און האָט אין די אָקטאָבער־טעג געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין די רעוואָלוציאָנערישע אַרויסטרעטונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. פיל פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זיך געפונען אונטער דער השפעה פון ס"ס, אויף אַלע צווישנפּאַרטייאישע מיטינגען זיינען אַרויסגעטראָטן אונדזערע רעד־נער — אַרבעטער און אינטעליגענטן — צווישן זיי — נחום פּאָטאָגראַף, באָריס בערל שוסטער, חיים קעסטלמאַכער און פיל אַנדערע, אָן וועלכע איך דערמאָן

מיך איצט און זע זיי פאר מיינע אויגן, איך געדענק שוין אָבער ניט זייערע נעמען, איבערהויפּט דערפאר, וואָס די נעמען זייערע האָבן זיך פון צייט צו צייט געביטן, און די פאמיליע אפילו פון די נאָענטע חברים האָב איך אָפט ניט געוווסט און אויך שפּעטער זיך ניט דערוווסט.

אויסער די אויבן דערמאָנטע חברים האָבן דעמאָלט געהערט צום אָדע־סער קאָמיטעט פון ס"ם אויך א. טומארקין, מ. געפּשטיין, א. פּאָליאַקאָוו, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער פאָרזיצער פון סטודענטן־ראַט, שפּעטער בין איך צוגעקומען פון אויסלאַנד און משה קאַץ פון ניקאָלאַיעוו. מיך האָט מען גערופן דאוויד, זעלטן דאווידאָוויטש, א סך האָבן געמיינט, אז דאָס איז מיין ריכטיקע פאמיליע, און לויט אַט דער פאמיליע האָט מיך די פּאָליציי א לענ־גערע צייט געזוכט. דער ראַיאָן־קאָמיטעט איז באַשטאַנען כלומרשט פון דעם איינציקן חבר לעווין, וואָס פלעגט אין באַזונדערס פייערלעכע פאַלן אַרויף אויף דער טריבונע און מאַכן דערקלערונגען אין נאָמען פון אַט דעם ראַיאָן־קאָמיטעט. הגם מיר אַלע זיינען געווען מיטגלידער פון דאָזיקן ראַיאָן־קאָמיטעט, נאָר היות ווי אַלע חברים האָבן אונדז געקענט פון אָדעסער קאָמיטעט, פלעגן מיר פאַר מער וויכטיקע דעקלאַראַציעס אַרויסשטעלן דעם חבר לעווין, וואָס האָט פאַר־מאָגט א זייער אימפּאָנירנדיק אויסזען און שטים.

אין די אָקטאָבער־טעג האָבן די יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אַרויס־געוויזן סיי גרויס מוט, סיי גרויסע מסירת נפש. מ'דאַרף אָבער מודה זיין, אז די רוסישע חברים פון ס"ד און ס"ר און איבערהויפּט די סטודענטן זיינען געפאַלן ניט בלויז אויף די אָדעסער באַריקאַדן, נאָר ניט מיט קיין קלענערן מוט האָבן זיי פאַרטיידיקט די יידישע באַפעלקערונג פון מאָלדאַוואַנקע און פּערעסיפּ בשעת די פּאָגראָמען.

די ס"ם־ישע אָפּטיילונג, וואָס איך האָב מיט איר אָנגעפירט, איז באַ־שטאַנען פון בערך 50 חברים און האָט געהערט צו דער אַלגעמיינער זעלבסט־שוץ, וואָס איר צענטער האָט זיך געפונען אין אוניווערסיטעט. מיטן אוניווער־סיטעט האָט דעמאָלט פּאַקטיש אָנגעפירט דער סטודענטן־ראַט, וווהין ס'זיי־נען אַריין פאַרטרעטער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. אונדז האָט דאָרט פאַרטראָטן א. פּאָליאַקאָוו, וואָס איז זייער געאַכטעט געווען אין די סטודענ־טישע קרייזן, אמת ניט ווי א ס"ם־אָוועץ, ער איז אייגנטלעך צוגעשטאַנען צו ס"ם ערשט דעמאָלט, ווען ער איז שוין געווען פאָרזיצער פון סטודענטן־ראַט. אונדז האָט עס, נאַטירלעך, זייער אימפּאָנירט.

די אַלגעמיינע זעלבסטשוץ איז באַשטאַנען פון אַרום 2000 מענטשן — סטודענטן, אַרבעטער, מאַטראָסן. איך דערמאָן באַזונדערס דעם מוט פון די גרוזינישע סטודענטן, וואָס פלעגן מיט זייערע ביקסן וואַרפן א פחד אפילו אויף דער פּאָליציי. דריי טעג האָבן מיר די שטאָט פּאַרטיידיקט און אָפּגע־שלאָגן די כוליגאַנישע אָנפאַלן. און נאָר דעמאָלט, ווען דעם צענטער האָט פאַרנומען מיליטער, ס'איז דערקלערט געוואָרן באַלאַגערונגס־צושטאַנד און די גאַנצע זעלבסטשוץ האָט מען אַנטוואָפנט, האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט דער

שרעקלעכער פּאָגראָם, וואָס האָט געגעבן 400 טויטע און 1000 פאַרוואונדעטע.

אין אונדזער אָפּטיילונג זיינען געווען צוויי דערהרגעטע און עטלעכע פאַר־וואונדעטע. בשעת מיר האָבן פונאַנדערגעטריבן אַ באַנדע אויף קאַטערינאָסלאַ־ווער גאַס, איז דורך אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער פאַרוואונדעט געוואָרן אַ חבר פון קונסט־שול (זיין נאָמען געדענק איך ניט), ער איז געפאַלן לעבן מיר און די חברים האָבן אים קוים מיט זיך אַוועקגעשלעפּט, ווען מיר זיינען געווען גע־צוווּנגען אָפּצוטרעטן אונטער דעם אָנגריף פון מיליטער. געשאָסן האָט אַן איבערגעטאָנענער גאָרדאָוואָי, וואָס האָט זיך געפונען צווישן די פּאָגראָמשטשי־קעס, און ווען יענע זיינען זיך פונאַנדערגעלאָפן, האָבן מיר זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט אַן אָפּטיילונג פון רעגולערן מיליטער. דאָס זעלבע מיליטער האָט באַלאַגערט אויך אַן אַנדער אָפּטיילונג פון עטלעכע הונדערט מענטשן, וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען דער חבר א. טומארקין. די אָפּטיילונג האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט אין אַ הויז און אַ לענגערע צייט זיך געהאַלטן און צוריק־געשאָסן, טומאַרקינען האָט געטראָפן אַ קויל אין זייט — און ערשט אין מעריץ, פאַרן סאַמע לייפּציגער צוזאַמענפאָר, איז ער געזונט געוואָרן.

אין אָדעסער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ גרופּע האַפן־אַרבעטער. אין איר שפּיץ איז געשטאַנען דער חבר יצחק, אַליין אַ האַפן־אַרבעטער. בשעתן פּאָ־גראָם האָט ער אויפן פּעריסיפּ געוואָרפן אַ באָמבע אויף די כוליגאַנעס און פּאָליציי און איז אַליין אויך פון איר דערהרגעט געוואָרן .

מיין געהילף אין דער אָפּטיילונג איז געווען דער חבר ישראל. ער האָט מיר עטלעכע מאָל געהאָלפן אַרויסראַטעווען זיך פון אַ געפערלעכער לאַגע, בכלל איז ער געווען אַן איבערגעגעבענער חבר און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זעלטענעם מוט. מיר האָבן זיך איינמאָל אין אַ נאַכט פאַרבאַריקאַדירט אין אַן אָרט, באַדאַרפט אָבער אַרויסשיקן אַ מרגל. ישראל האָט זיך גלייך אַרויסגע־רופן צו ערפילן די שליחות, מיר האָבן אים דערנאָך געפונען אַ דערשאָסענעם. ער ליגט אויפן אָדעסער בית־עולם אין ברודער־קבר פון די געפאַלענע אין זעלבסט־שוץ. שפּעטער האָב איך אין אַמעריקע ביי אַ חבר געזען אַ פאָטאָגראַפיש בילד פון דער לויה.

קיין געוועהר איז ביי אונדז כמעט ווי ניט געווען. וועגן ביקסן שוין אָפּגע־רעדט, נאָר אפילו די רעוואָלווערן זיינען געווען פון אַן אַלטער סיסטעם, וואָס פלעגן אָפּט פאַרהאַקן זיך. מיין רעוואָלווער האָט געהאַט די טבע צו פאַרהאַקן זיך אין געפערלעכע מאָמענטן. מ׳קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ רעוואָלווערן זיינען געווען ביי אַנדערע חברים. וואַרטנדיק אויף נייע געשעענישן, האָבן מיר נאָכן פּאָגראָם זיך גענומען צו פאַרשאַפן אונדז געוועהר און צוליב דעם צוועק האָב איך געמאַכט אַ נסיעה קיין דייטשלאַנד. דאָרט האָבן מיר געקראָגן מיטלען און דורכן גרענעץ דורכגעשמוגלט אַ טראַנספּאָרט געוועהר. אין בערלין האָט זיך מיט דעם פאַרנומען יולי גאָלדע, מיט דער טעכנישער זייט — דאָס און אַוועבוך. איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין אָדעס, בין אָבער געצוווּנגען געווען אינגיכן ווידער פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל דער פּאָליציי זיינען שוין באַ־

קאַנט געוואָרן אַלע מיינע פּסעוודאָנימען. דורך־אַגב האָבן מיר זיך שוין אָנגע־הויבן גרייטן צום צוזאַמענפאָר און קאַץ, טומאַרקין און איך האָבן זיך געלאָזן קיין לייפּציג. מיר האָבן פאַרטראָטן אויפן צוזאַמענפאָר ניט נאָר די אָדעסער אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך אַ באַזונדער ריכטונג. די אָדעסער ריכטונג איז עס געווען יענע, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט זי באַנומען (און אַזוי איז עס דערנאָך אַריבער אין דער ס"סי־שער פּאַרטיי), ווי די עמיגראַציע־קאָלאָניזאַציע־ריכטונג.

דער צוזאַמענפאָר, וואָס אויף אים זיינען זיך צונויפגעפאָרן, דורכגע־שמוגלט דעם גרענעץ, 40 דעלעגאַטן פון אַלע עקן רוסלאַנד און פּוילן, געווען אַפילו דעלעגאַטן פון גאַליציע און אַמעריקע (אַב. גאָלדבערג), האָט זיך אָנגע־הויבן ביי ניט קיין פריילעכע צייכנס. *)

די ס"ס־ישע פּאַרטיי איז אין אַוועלכע אַנדערטהאַלבן יאָר אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסער פּאַרטיי. די אָרגאַניזאַציעס זיינען בפועל ממש געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די צאָל מיטגלידער איז אין אַלגעמיין ניט פיל קלענער געווען ווי ביים „בונד". אין אַ סך שטעט האָבן די ס"ס אַפילו דאָמינירט. אין די אָקאָרשט פאָרגעקומענע שלאַכטן האָבן די ס"ס אַ שמעק געטאָן פּולווער, גע־ציילט קרבנות און דערשלאָגן זיך אַ פּלאַץ אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. און דאָך איז די שטימונג פון די דעלעגאַטן, קעגן אַלע דערוואַר־טונגען, געווען גאָר ניט קיין געהויבענע. ביי אַ באַדייטנדיקן טייל פון צוזאַ־מענפאָר האָט זיך געפילט אַ דעפּרעסיע און ניט מחמת די קרבנות און פאַר־לוסטן, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט געליטן (זיי האָבן אונדז נאָך פאַרהאַרטעוועט אין קאַמף) און אויך ניט מחמת דער אָנקומענדיקער רעאַקציע — מיר האָבן געגלויבט אין רעוואָלוציע — אָדער מחמת מיינונגספאַרשיידנהייטן איבער פּאָ־ליטישע פראַגן — אויך ביי אונדז זיינען געווען באָלשעוויסטישע און מענשע־וויסטישע שטרעמונגען, הגם בנוגע רעוואָלוציאָנערע מעשים זיינען מיר מער

*) לוידער, קען איך ניט אויפשטעלן אין זכרון די רשימה פון די דעלעגאַטן צום צוזאַמענפאָר. מיט איניקע פון זיי (די ברידער יעקב און יוסף לעשצינסקי, מ. פּינעס, ש. וויצמאַן, ד. געפּשטיין) האָב איך זיך באַקאַנט אויפן 7־טן ציוניסטן־קאָנגרעס, אין דער ס"ס־ישער פראַקציע, ווו איך האָב זיך באַטייליקט. מיט נ. סיר־קינען, וו. לאַצקי און צבי אַווראַמי בין איך נאָך פריער געווען באַקאַנט פונם צו־זאַמענפאָר פון „חירות" אין ציריך. די נעמען פון מ. ליטוואַקאָוו און ש. ניגער זיינען מיר שוין געווען באַקאַנט, און בשעת מיין נסיעה קיין אָדעס דורך וואַרשע און קיעוו האָב איך זיך באַקאַנט מיט ז. מייזנער, ש. זוסמאַן, י. קרוק, א. סאָקאָ־לאָווסקי, יאַשע סאַקאַדער און יעקב „גאַרדאָוואַי". אָבער דאָס רוב דעלעגאַטן איז מיר אומבאַקאַנט געווען אַפילו לויט די נעמען. קיין ליטעראַטור איז ביי אונדז נאָך דע־מאָלט ניט געווען, און פאַר מיין אַריינטריט אין ס"ס האָב איך נאָר באַזוכט מינסק (אין 1903), ווו איך האָב זיך באַקאַנט מיט די מינסקער פּועלי־ציון — א. רובענ־טשיק, ח. קאַהאַן און לאַפּידוס. דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אייגנטלעך, מיט יידן בכלל. און ערשט אין 1905 נאָך מיין אומקערן זיך פון מיין רייזע קיין פּאַלעסטינע, ווען אין מינכען האָט מיך באַזוכט דאַניעלי (י. טשערניכאָוו), האָב איך זיך פון אים דערוווּסט וועגן דער מציאות פון ס"ס. באַלד נאָך דעם האָב איך מיט מיינע פריינד פון יידישן „פאַרבאַנד" געגרינדעט די ליגע פון ס"ס אין אויסלאַנד און בין געקומען איז פאַרבינדונג מיט די רוסישע ס"ס (מיט י. לעשצינסקי) און אין נאָמען פון אַט דער ליגע האָב איך באַזוכט אַ גאַנצע רייי דייטשע שטעט, ווו איך האָב אָרגאַניזירט ס"ס־ישע סטודענטן־גרופּעס.

נוטה געווען צו דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק, מיר האָבן הרך־אגב באַיקאָ־טירט די ערשטע דומע. נאָר די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן האָבן אונדז ניט באַאומרויקט.

די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע האָבן דאָך ניט מיר געטראָגן. מיר האָבן געטאָן דאָס, וואָס עס האָבן געטאָן די אַנדערע סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען און האָבן ערפילט אונדזער רעוואָלוציאָנערן און סאָ־ציאַליסטישן חוב בנוגע רוסלאַנד. ס'זיינען ביי אונדז אויך קיין ספקות ניט געווען בנוגע דער פראַגע וועגן רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אויב פריער זיינען נאָך ווו ניט ווו געווען וואַקלונגען, האָבן די פּאָגראָמען און די רעוואָלוציע זיי דורכ־אויס באַזייטיקט. דער קראַנקער אָרט ביי אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, ביי אונדזערע פירער, ביים צוזאַמענפאָר אין אַלגעמיין איז געווען די פראַגע וועגן דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם. די פראַגע איז בכלל געבליבן אָפן. אייגנטלעך האָט קיינער פון די ס"ס ביזן צוזאַמענפאָר אויף דער פראַגע קיין באַשטימטן ענטפער ניט געגעבן, יעדער אָרגאַניזאַציע האָט זי פאַרשיידן פאַרענטפערט. אמת, אין דער ערשטער דעקלאַראַציע, וואָס די פּאַרטיי האָט אַרויסגעלאָזן אין 1904, רעדט זיך וועגן דעם, אָבער די דאָזיקע דעקלאַראַציע האָט קיינעם ניט, אַפילו די מחברים אירע גופא, ניט באַפרידיקט. זי האָט נאָר איבערגעחזרט די אַלגעמיינע הנחות וועגן ציוניזם און טעריטאָרי־אַליזם. וואָס אייגנטלעך האָט געזאָלט טון אַ פּראָלעטאַרישע טעריטאָריאַליס־טישע פּאַרטיי? פירן אונטערהאַנדלונגען מיט רעגירונגען, שאַפן פאָנדן אַא"וו? נאָר ניט אין די אונטערהאַנדלונגען, ניט אין די פאָנדן האָבן מיר זיך ניט גע־קענט באַטייליקן. און דורך רעוואָלוציע האָבן מיר זיך צו אַ טעריטאָריע ניט געקענט דערשלאָגן. וועגן אַ טעריטאָריע אין רוסלאַנד האָבן מיר דעמאָלט נאָך ניט געטראַכט, הגם די באַקאַנטע ס"ר־ישע טוערין ברעשקאָ־ברעשקאָווסקאַיאַ האָט פאָרגעלייגט ה' שזיטלאָווסקין אַ טעריטאָריע פאַר יידן אין רוסלאַנד. מיר האָבן אויך ניט געהאַלטן, אַז מיר קענען קומען צום טעריטאָריאַליזם דורכן סיים, בכלל האָבן מיר אין סיים ניט געגלויבט. ווי אַזוי־זשע פּאַרט וועט דער רעוואָלוציאָנערער צוג זיך צוזאַמענטרעפן מיטן טעריטאָריאַליסטישן און ווו וועלן זיי זיך צוזאַמענטרעפן?! האָט געפרעגט דעם צוזאַמענפאָר יעקב לעש־צינסקי, איידער ער האָט דעם צוזאַמענפאָר פאַרלאָזן און אַרויסגעזאָגט זיין „איגנאָראַמוס".

אַ לענגערע רעדע האָט געהאַלטן הענריך (איסאַק קוריצקי), אַ טעמפּעראַ־מענטפולע און גלענצנדע לויט דער פאָרם, און נאָך איז ניט מיט וויניקער טעמפּעראַמענט און מיט דעם זעלבן „איגנאָראַמוס" בנוגע דעם גורל פון יידנטום אַרויסגעטראָטן דוד גופשטיין. פאַרוואָס עפּעס האַלט איר, אַז דער טעריטאָריאַליזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן? יידן וועלן זיך טאָקע ניט פּראָלעטאַריזירן (אין דעם איז קיין ספק ניט), זיי וועלן אָבער פשוט אונטער־גיין אָדער דעגראַדירן, פאַרוואַנדלען זיך אין שנאָרער, ווי אין גאַליציע. די יידישע מאַסן זוכן ניט קיין טעריטאָריע. אונדז ווילט זיך דאָס, נאָר

ס'קען זיין, אז מיר פארנעמען זיך מיט אוטאָפּיעס אָדער אוואַנטורעס. מיר פירן אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דאָס איז ריכטיק, נאָר פאַרן טעריטאָריאַליזם טוען מיר גאָרנישט און קענען גאָרנישט ניט טון.

אָט אזוי בערך האָבן אונדזערע חברים גערעדט און געטראַכט. מערק־ווירדיק, איצט שיינען אונדז די אַלע פראַגן ניט אַקטועל צו זיין, אויסער איי־נער: ווו געפינט מען אַ לאַנד? און דווקא די דאָזיקע פראַגע האָט אונדז דע־מאָלט ווייניק פאַרנומען, ווייל ביז דער מלחמה זיינען געווען גענוג פרייע לענדער, מיר האָבן אָבער ניט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיי, דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט דעמאָלט קוים געקענט ווערן דער סוביעקט פון טערי־טאָריאַליזם. און דאָס האָט די חברים, וואָס האָבן געצווייפלט, באַפּעסטיקט אין זייערע ספקות. אויב זיי האָבן דאָס ניט אַרויסגעזאָגט בפירוש, האָבן זיי ביי זיך אין הארצן מסכים געווען מיט די אַרגומענטן פון די געגנער בשעת די דיסקו־סיעס מיט בונדיסטן, ס"ד, סיימאָוויצעס און טיילווייז מיט ציוניסטן!:

„יידן זיינען ניט קיין ערד־אַרבעטער און קענען קיין ערד־אַרבעטער ניט ווערן", אָבער אין יסוד פון טעריטאָריאַליזם איז געלעגן די נויטווענדיקייט פון לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. און אייגנטלעך, באַגעגענען זיך דען מיר ניט עד היום מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט, ניט געקוקט אויף די, — מ'קען באמת זאָגן — גלענצנדע ערפאַרונגען פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַ־לעסטינע, רוסלאַנד און אַנדערע לענדער? על כל פּנים צו יענער צייט האָבן מיר אַזוינע ערפאַרונגען כמעט ניט געהאַט.

וואו־זשע פאַרט זיינען די אָביעקטיווע באַווייזן פאַר דער מעגלעכקייט פון יידישן טעריטאָריאַליזם?

דעם ערשטן פּרוּוו אָנצוּווייזן די דאָזיקע אָביעקטיווע מאָמענטן האָט גע־מאַכט אַבראַמאָוויטש (צבי אווראַמי):

גופא אין דער עמיגראַציע זיינען דאָ די קערנדלעך פון טעריטאָריאַליזם. דער עצם פאַקט, וואָס עס שאַפן זיך גרופּן פאַר אויסוואַנדערן, קאָאָפּעראַטיוון פון עמיגראַנטן, מרגלים אויף אויפצוזוכן לענדער — איז אַ באַווייז פאַר דער נויטווענדיקייט פון אַ טעריטאָריע. ס"ס, ווי אַן אָרגאַניזירטע עמיגראַציע־פּאַרטיי, איז דער אויסדרוק פון דער דאָזיקער נויטווענדיקייט. אזוי בערך האָט עס צבי אווראַמי פאָרמולירט און צום ערשטן מאָל איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ טעאָרעטישע נאָטע אין די ביז דעמאָלט פּרימיטיווע חקירות וועגן דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם. ער האָט געגעבן אַן ערנסטן טאָן דער דיסקוסיע און האָט פאַרלייכטערט מיר (דעם פאַרשטייער פון דער אזוי־גע־רופענער אָדעסער שטרעמונג), דעם דעמאָלט נאָך יונגן ס"ס־ישן טוער, מיין אויפגאַבע צו געבן דעם אַנאַליז פון א ו נ ד ז ע ר טעריטאָריאַליזם:

„צבי אווראַמי האָט די פּראָבלעם ריכטיק געשטעלט, ער האָט זי אָבער ניט דערפירט ביזן סוף".

„ס'איז דורכוים אמת, אַז די עמיגראַציע טראָגט אין זיך די קערנדלעך פון טעריטאָריאַליזם, אָבער אַליין דער פאַקט, וואָס גרופּן עמיגראַנטן לאָזן

זיך אין וועג, באַווייזט נאָך ניט די אָביעקטיווע נויטווענדיקייט פון אַ טעריטאָריע. ווי לאַנג די עמיגראַנטן וועלן אַרויספאָרן גרופּנווייז און אַריינפאָרן אינדיווידועל, וועט דער טעריטאָריאַליזם ניט זיין קיין ווירקלעכקייט. ווי לאַנג די עמיגראַנטן וועלן זיך קענען איינאָרדענען אין די שטעט ווי אַרבעטער, בעל־מלאכות און הענדלער, וועט דער טעריטאָריאַליזם ניט האָבן קיין פעסטן באָדן אונטער די פיס. דער טעריטאָריאַליזם וועט קענען זיין אונדזער באַגער, אונדזער הייליקער ווונש, ס'קענען זיך אויך געפינען אַ „ביל"ו" אַן „עם־עולם", פּיאָנערן, אָבער די יידישע מאַסע וועט נאָך זיי ניט גיין און אין הסכם מיט איר בעל־מלאכישן און סוחרישן באַשטאַנד וועט זי זיך ציען אין די שטעט פון די קאַפּיטאַליסטיש אַנטוויקלטע לענדער. ערשט דעמאָלט, ווען די עמיגראַציע וועט ביז די ברעגעס אָנפילן די שטעט און וועט זיי פאַרשפאַרן פאַר נייע אימיגראַנטן („וועט קומען אין ווידערשפּרוך מיט דער איבערזעטיקייט פון די שטעט, וואָס זי אַליין האָט אַרויסגערופן"), וועט די עמיגראַציע געצוווּנגען זיין פאַרקערעווען פון די שטעט און ווערן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע. מיר האָבן אָנגעוויזן אויף געוויסע סימפּטאָמען און טענדענצן אין דער ריכטונג, אויף דער יידישער פאַרמער־באַוועגונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און מיר האָבן גערעדט וועגן דעם אומפאַרמיידלעכן וווּקס און סטיכישן כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן פּראָצעס. „ווען אָט דער וווּקס וועט ווערן גאַנץ באַדייטנדיק און ווען די יידישע קאָלאָניזאַציע וועט לויט אירע טענדענצן ווערן אַ קאָלעקטיווע און וועט שטרעבן צו קאָנצענטראַציע, וועט די פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם ווערן אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט". דעמאָלט וועט אונדזער אַקטיווע טעטיקייט באַקומען איר זין און באַטייט, פּונקט אַזוי ווי די אַרבעטער־באַוועגונג העלפט מיט דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. די קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג איז, בכן, דער יסוד פון טעריטאָריאַליזם. ווען יידן וועלן ניט בלויז אויסוואַנדערן ווי עמיגראַנטן, נאָר דערצו איינוואַנדערן ווי ערד־אַרבעטער, וועט די פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם זיין געזיכערט".

די דאָזיקע טעאָריע איז פאַרן צוזאַמענפאָר געווען ניי. פאַר אייניקע — אַן ענדעקונג, פאַר אַנדערע — אַן אַרויסרוף. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ העפטיקע דיסקוסיע און ס'האָט זיך אין איר באַטייליקט דער גאַנצער צוזאַמענפאָר. די עלטערע חברים זיינען על פּי רוב אַרויסגעטראָטן קעגן, אָבער די יוגנט האָט די טעאָריע אונטערגעהאַלטן, אייניקע פון די עלטערע, ווי למשל, נ. סירקין, יוסף לעשצינסקי, וו. לאַצקי האָבן אויב ניט אָנגענומען די טעאָריע, דאָך שלום געמאַכט מיט איר. צווישן דער יוגנט האָט זיך שוין דעמאָלט אויסגעצייכנט מיט זיין רעדנערישן טאַלאַנט דער גאָר יונגער אַראָן טשענסטאָכאָווער (אַ. סינגאַלאָווסקי). ליידער, האָב איך ניט אונטער דער האַנט די פּראָטאָקאָלן פון צוזאַמענפאָר און קען ניט איבערגעבן דעם אינהאַלט פון די איינצלנע רעדעס. די מערהייט פון צוזאַמענפאָר האָט די טעאָריע אָנגענומען און איבערגעגעבן אַ קאָמיסיע פון ליטוואַקאָוון, צבי אווראמי, פון מיר און, דאַכט זיך, יוסף

לעשצינסקי אויסצואַרבעטן די אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציע.

נאָר די רעזאָלוציע, וואָס האָט געגעבן אַן עקאָנאָמישע באַגרינדונג פון טעריטאָריאַליזם, האָט דאָך ניט געענטפערט אויף דער פראַגע וועגן דער טע־ריטאָריאַליסטישער טעטיקייט פון דער ס"ס־ישער פּאַרטיי. אין אָט דער פראַגע האָבן מיר קיין שום נייס ניט אַריינגעבראַכט. אונדז האָט דער עיקר אינטערעסירט די באַגרינדונג פון דער נויטווענדיקייט און מעגלעכקייט פאַר די יידישע מאַסן צו פאַרוויקלעכן דעם טעריטאָריאַליזם.

ס'האָבן זיך אָבער געפונען חברים, וואָס זיינען אַוועק ווייטער, ווי באַלד די קערנדלעך פון טעריטאָריאַליזם, האָבן זיי געזאָגט, זיינען דאָ און וועלן וואַקסן, דאַרף מען פּשוט אויסוואַרטן, ביז די סטיכישע קאָלאָניזאַציע וועט אַליין פאַר זיך געפינען די טעריטאָריע.

אינטערעסאַנט, וואָס די דאָזיקע טעאָריע האָט געפונען אָנהענגער ניט נאָר צווישן ס"ס, נאָר אויך צווישן פּועלי־ציון, וואָס האָבן זיך באמת צ' דערוווייזן (באַראָכאָוו), אַז די סטיכישע קאָלאָניזאַציע וועט זיך ציען קיין פּאַ לעסטינע צי מ'וויל דאָס, צי מ'וויל דאָס ניט. ובכן, איז די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם אַן אימאַנענטע ערשיינונג.

דער חבר ראַשקעס האָט אויפן ראַיאָן־צוזאַמענפאָר אין פּאָלאַנע דורכגע־פירט אַ רעזאָלוציע וועגן „אויסוואַרטן" און איז שפּעטער געווען דער שאַרפ סטער געגנער — און אים האָט תמיד אונטערגעהאַלטן ליטוואַקאָוו — פון יעטווידער באַטייליקונג אין דער טעריטאָריאַליסטישער טעטיקייט פון יט"אָ ס'קען זיין, אַז דאָ איז „דער ווונש געווען דער פאָטער פון דעם געדאַנק". די „אויס וואַרטער" האָבן ניט געוואָלט אַזאַ מין טעטיקייט און אין אונדזער רעזאָלוציע האָבן זיי געזוכט אַ באַגרינדונג פאַר זייער פּאַסיווקייט. נאָר איך האָב קע דער דאָזיקער טעאָריע געקעמפט. מיר איז ניט איינמאָל אויסגעקומען צו דע ווייזן, אַז די פּאָליטיק פון פּאַסיוון אויסוואַרטן בנוגע טעריטאָריאַליזם איז ע לעך צו דער זעלבער פּאָליטיק בנוגע סאָציאַליזם. הגם לויט מאַרקסן איז דע סאָציאַליזם אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט, וואָס צו איר פירט דער וווּקס פו די ווידערשפּרוכן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, איז אָבער דערבי מוסיף קויטסקי, אַז דער צוזאַמענברוך פונם קאַפּיטאַליזם פירט ניט אומבאַ דינגט צום סאָציאַליזם. ס'קען אויך אַנטשטיין אַן אַנאַרכיע. ס'איז בכן נויט־ווענדיק די באַוווסטזיניקע אַקטיווע אַריינמישונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

געווים האָבן מיר זיך געפונען אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון מאַרק־סיזם. מיר זיינען געווען מאַרקסיסטן און אין אונדזער רעזאָלוציע קען מען לייכט דערקענען די העגעלשע טריאַדע: די טעזע איז עמיגראַציע, די אַנטי־טעזע — די איבערזעטיקייט פון די שטעט אין די אימיגראַציע־לענדער, און דער סינטעז — דאָס פאַרקערעווען פון די שטעט אין דער ריכטונג פון קאָ־לאָניזאַציע.

מיר האָבן אַלע געפילט דעם גרויסן דעפעקט, וואָס אין אונדזער קאָנצעפּ־ציע האָט געפעלט די אָנווייזונג אויף דער ראָל פון אונדזער באַוווסטזיניקער

טעטיקייט פאר דער פארווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם.

שפּעטער האָבן מיר די דאָזיקע וועגן און מיטלען געזוכט אין אקטיווער עמיגראַציע־פּאָליטיק: „אין דער עמיגראַציע גופא ליגן באַהאַלטן די קאָלאָסאַלע פינאַנציעלע מיטלען און מעגלעכקייטן — מ׳דאַרף נאָר די יידישע עמיגראַציע אָרגאַניזירן". די רעזאָלוציע וועגן דער נויטווענדיקייט צו רעגולירן די עמיגראַציע ווי א מיטל צו פאַרווירקלעכן דעם טעריטאָריאַליזם איז אָנגענומען געוואָרן שוין אויפן ווילנער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי אין 1908 יאָר. און ווי א פּועל־יוצא פון דעם איז געווען אונדזער פּרווו צונויפצורופן דעם אַלוועלט־לעכן עמיגראַציע־קאָנגרעס און דער פּראָיעקט פון אַן עמיגראַציע־באַנק. און נאָר דעמאָלט האָבן מיר אָנגעהויבן באַטייליקן זיך אין די צוזאַמענפאָרן פון יט״אָ און אויף דעם לעצטן ווינער צוזאַמענפאָר פון יט״אָ אין 1911 בין איך אריין אין דער קאָמיסיע וועגן אַנגאָלע.

נאָר דאָס גייט שוין ארויס פון די ראַמען פון מיין איצטיקער טעמע.

יוסף טשערניכאָוו

# בלעטלעך זכרונות

## 1. ווי אַזוי איך בין געקומען צום אַרבעטער-ציוניזם

ביז זומער 1903 האָב איך זיך געלערנט אין דער שטאָט זגערזש (ביי לאָדז), אין דער באַרימטער אין יענער צייט קאָמערץ-שול. באַרימט איז זי געווען דורך דעם, וואָס זי איז געווען די ערשטע קאָמערץ-שול אין פּוילן (אַ „ליבעראַלער" אויפטו פון וויטע), וווּהין מען פלעגט יידן אָננעמען אָן דער פּראָצענט-נאָרמע. איז שוין קיין וווּנדער ניט, וואָס אין דער שול האָט זיך אָנגעקליבן מן הסתם ביז 90 פּראָצענט יידן און די „גוים" זיינען געווען נאָר צו „פּאַרווייסן די יויך", מער לפּנים ווענן.

די שטימונג פון די שילער פון אונדזער „ישיבה" (ווי מיר פלעגן די שול צווישן זיך אָנרופן) איז געווען אַ נאַציאָנאַל-ציוניסטישע. סאָציאַליסטן זיינען געווען ביז גאָר ווייניק, און האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן ערשט אין די לעצטע צוויי יאָר.

מיט אַ צוויי יאָר פאַר מיין ענדיקן די שול איז זגערזש פאַרבונדן געוואָרן מיט לאָדז דורך אַן עלעקטרישן טראַמוואַי און מיר, אמתע „בורסאַקעס", האָבן באַקומען די מעגלעכקייט צו פאָרן אָפּט אין לאָדז, און איך — צו נעמען אָנטייל אין דעם דאָרטיקן ציוניסטישן לעבן.

בקיצור, מען האָט מיך אויסגעקליבן אין לאָדז פאַר אַ פּאָרזיצער פון אַ יוגנט-לעכער חברה „עתידת ציון", ווו איך האָב אָנגעהויבן אין אַ ברייטערן פאַרנעם מיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

די צייט איז געווען אַן אומרויקע. דאָס לעבן איז געווען פול מיט שטורעם און דראַנג, און לאָדז, אַ גרויסע אינדוסטריעלע שטאָט מיט אַ פאַרשיידנאַרטיקער באַפעלקערונג (די יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען ניט נאָר פון פּוילישע, נאָר אויך פון ליטווישע און רוסישע יידן), האָט לעבעדיק רעאַגירט אויף אַלע באַ-וועגונגען. אין לאָדז איז שוין שטאַרק געווען דער סאָציאַליזם — פּפּ"ס, פּוילישע ס"ד, „בונד", אויך ס"ר, און עס איז דערגאַנגען אפילו די ווירקונג פון „איסקראַ".

דער געזעלשאפטלעכער טומל צווישן דער יוגנט האָט זיך געלאָזט פילן אין אונדזער חברה „עתידת ציון". דאָרט פלעגן קומען פאָרשטייער פון פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זיי פלעגן כסדר אַטאַקירן אונדזער ציוניזם.

געהערט האָבן מיר, אַז אין דער גרויסער וועלט, דער עיקר אין מינסק, איז פאַראַן אַ ציוניסטישע אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס רופט זיך „פּועלי-ציון", אָבער קיין קלאָרן באַגריף פון אָט דער באַוועגונג האָבן מיר ניט געהאַט.

קלאָר איז געווען נאָר איינס, אַז אַזאַ באַוועגונג מוז אַנטשטיין, — עס האָט אונדז פאַרפעלט לופט אין ציוניזם און מיר האָבן ניט געקענט ביישטיין דעם אימפּעט פון אָנגרייפנדיקן סאָציאַליזם.

איך געדענק ווי איצט, ווי געקלאַפּט האָט מיין האַרץ, בשעת איך האָב זיך דערוווּסט פון אַ סטודענט, וואָס איז געקומען פון אויסלאַנד, אַז אין בערלין איז פאַראַן אַ דאָקטאָר סירקין, וועלכער איז אַ ציוניסט און גלייכצייטיק אַן אמתער סאָציאַליסט (שרייבט אפילו וועגן סאָציאַליזם אין דייטשע אויסגאַבן), אַז דער דאָזיקער דאָקטאָר סירקין האָט דאָרטן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס רופט זיך „חירות", און האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלבוך מיטן נאָמען „המון".

איך האָב נאָך ניט געוווּסט דעם ציל פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע און ניט געזען דעם „המון", אָבער כ'האָב גלייך אָנגעהויבן אין דעם צו גלויבן — ענדלעך געפונען אַן אויסוועג פון די אָנפאַלן מצד די סאָציאַליסטן.

נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן דער ציוניסטישער שטימונג. מיר זיינען אַלע גע-ווען הערצליסטן און איך — אַ פייערדיקער געגנער פון אחד-העמען. מן הסתם איז דאָס אויך געווען די ווירקונג פון דער מאַטעריאַליסטישער וועלטאָנשויונג, וועלכע פלעגט צו אונדז אַריינדרינגען דורך די דיסקוסיעס מיט די סאָציאַליסטן.

אָבער פון אחד-העמען איז ביי מיר פאַרבליבן איין פעסטער געדאַנק, גע-שעפּט פון זיין „עבדות בתוך חירות", — אַז אַסימילאַציע לייזט ניט די יידן-פראַגע און אַז דער וווּקס פון אַלגעמיינע ליבעראַלע געדאַנקען באַטייט נאָך ניט די אויסלייזונג פון יידישן פאָלק.

אויף דעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך זיך שטאַרק פאַראַנקערט און ער פלעגט מיד אין אַלע דיסקוסיעס אַרויסהעלפן קעגן די טענות פון סאָציאַליסטן.

אין דעם קרייזל „עתידת ציון" האָב איך זיך באַגעגנט צום ערשטן מאָל מיט יוסף קרוקן. אין איינעם פון די שבתים (דאַן פלעגן פאָרקומען אונדזערע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען מיט רעפעראַטן) האָט זיך צו מיר געווענדט אַ יונגער גימנאַזיסט פון טשענסטאָכאָוו און האָט מיר פאָרגעלייגט זיך צו פאַרבינדן צווישן זיך. מיר האָבן זיך געביטן מיט אַדרעסן, און פון דאַן אָן הויבט זיך אָן אונדזער באַקאַנטשאַפט.

אָנהויב זומער 1903 האָב איך געענדיקט די קאָמערץ-שול און כ'בין אַוועק-געפאָרן צו זיך אַהיים, אין שטעטל טעלעכאַן (ביי פּינסק).

## 2. אין פינסק

אין פינסק האָב איך גלייך נאָכן ערשטן קאָנגרעס צום ערשטן מאָל זיך באַרירט מיט געזעלשאַפטלעכקייט. אַ יונג ייִנגל, בין איך שוין דאַן געווען אַ מיטגליד פון קרייזל „בני ציון", וואָס האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן פיל אינטעליגענץ פאַר אַלע ייִדישע פּאַרטייען.

ווען איך פלעג זומער-צייט קומען אַהיים, פלעג איך אין פינסק, בפרט דורך מיינע פריינד פון דער משפּחה ווייצמאַן, זיין אין קאָנטאַקט מיטן אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

זומער 1903, ווען כ'בין געזעסן אין טעלעכאַן, איז צו מיר אָנגעקומען אַן איינלאַדונג פון טשענסטאָכאָוו: יוסף קרוק האָט מיך געבעטן קומען אויף אַ צוזאַמענפאָר פון שילערישע קרייזלעך, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין סווידער (ביי וואַרשע).

אויפן וועג קיין וואַרשע האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין פינסק, אַריין צו די ווייצמאַנס און דאָרטן האָב איך געטראָפן אַ גאָר יונגן מענטשן, וועלכן מען האָט מיר פאָרגעשטעלט ווי יוסף לעשצינסקי.

דערהערנדיק פון מיר וווהין איך פאָר, האָט יוסף לעשצינסקי מיר פאָרגעלייגט, אַז איך זאָל אים נעמען מיט זיך אויפן צוזאַמענפאָר. ווי איך דערמאָן זיך, האָבן מיר שוין אין פינסק געפירט טעאָרעטישע שמועסן. לעשצינסקי און מיין חבר שמואל ווייצמאַן זיינען שוין דאַן געווען געשטימט רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסטיש. איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען אויף אַ מער אָרטאָדאָקסאַלן ציוניסטישן שטאַנדפּונקט און ניט אינגאַנצן באַגריפן די טעאָרעטישע סמיכת-הפרשיות פון דער אַרבעט אויף „ביידע פלאַכן", ווי עס האָט דאַן געהייסן.

דאָס האָט מיר נישט געשטערט מסכים צו זיין אויפן פאָרשלאָג פון יוסף לעשצינסקי און מיר זיינען שוין זאַלבעצווייט אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

אין וואַרשע האָט יוסף לעשצינסקי פאָרגעלייגט נעמען צוזאַמען מיט אונדז נאָך אַ חברטע, וואָס אינטערעסירט זיך מיט אָט די פּראָבלעמען.

איך האָב ווידער מסכים געווען. אויף נאָוואָליפּיע האָט מיך יוסף לעשצינסקי געלאָזט וואַרטן אויף דער גאַס און אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער אַרויסגעגאַנגען מיט אַ גאָר יונג מיידל — חיה ראַפּאַפּאָרט (איצט — די פרוי פון יוסף קרוק).

און אַזוי, שוין זאַלבעדריט, זיינען מיר געקומען קיין סווידער, וווּ דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אויף דער „דאַטשע" פון רעדאַקטאָר פון העברעאישן „הצופה", פרידמאַן, אָרגאַניזירט דורך זיין זון: יהושע (איצט לערער אין אַ גימנאַזיע אין ליטע, אַ גאַנץ באַקאַנטער העברעישער שריפטשטעלער) און נאָך איינעם, וועמענס נאָמען איך געדענק ניט.

דער צוזאַמענפאָר האָט געדויערט צוויי טעג און עס האָבן זיך אויף אים אויסגעבילדעט צוויי ריכטונגען: איינע אַ ציוניסטיש-טראַדיציאָנעלע, און די צווייטע אַ „מאַטעריאַליסטישע" און מיט אַ נייגונג צו סאָציאַליזם און רעוואָלוציע.

הגם, ווי געזאָגט, בנוגע סאָציאַליזם און רעוואָלוציע זיינען ביי מיר געווען

געוויסע ספקות — האָט מיך אָבער פּאַראייניקט מיט יוסף לעשצינסקי דער מונ־טערער טעאָרעטישער מאַטעריאַליזם און גלייכע אָפּשאַצונג פון „גייסטיקן" ציוניזם.

אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך ניט, איז שוין דאַן אין א טעאָרעטישער פאָרם באַטראַכט געוואָרן די פראַגע פון ציון אָדער טעריטאָריע, און אונדזער ריכטונג האָט שוין דאַן געלייקנט אין „ציוניסטישן ציוניזם" און האָט אַרויסגע־רוקט, נאָך ניט אָנרופנדיק ביים נאָמען, די פּראָבלעמען פון טעריטאָריאַליזם.

פון די טיילנעמער אין צוזאַמענפאָר איז דער איינציקער געווען יוסף קרוק, וועלכער האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט דער ראַדיקאַל-מאַטעריאַליסטישער ריכ־טונג.

## 3. האָמלער פּאָגראָם און אוגאַנדע

זומער האָב איך געוווינט אין פּינסק, ווו עס איז שוין געווען א ציוניסטישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. איך האָב צו איר אָפיציעל ניט געהערט, אָבער מיטגעהאָלפן, געפירט אַן אַגיטאַציע צווישן אַרבעטער פון דער דאָרטיקער שוועבל-פאַבריק און אויך אָנגעשריבן א פּראָקלאַמאַציע.

אין פּינסק האָט מיך געטראָפן די ידיעה וועגן האָמלער פּאָגראָם.

ניט טראַכטנדיק קיין סך, האָבן מיר, שמואל ווייצמאַן און איך, זיך גלייך געלאָזט קיין האָמעל — זיך צו „פאַרטיידיקן".

מיר זיינען געקומען ניט די איינציקע. פון קיעוו איז געקומען צו לויפן יעקב לעשצינסקי, פון מינסק — צבי הירשקאָן א"א. אונדזער „שטאַב" איז געווען אין דער דירה פון דוד לעווין, דעם פירער פון די אָרטיקע „פועלי-ציון". זיך צו פאַרטיידיקן איז שוין נישט אויסגעקומען, מיר זיינען אָבער די גאַנצע צייט גע־זעסן מיט געווער גרייט צום קאַמף. די אַטמאָספער פון יענע טעג האָט מענטשן פאַראייניקט א סך מער ווי טעאָריעס.

אין א קורצער צייט נאָך אונדזער צוריקקומען קיין פּינסק, איז פאָרגעקומען דער 6-טער ציוניסטישער קאָנגרעס.

די לעצטע צייט האָט אין ציוניזם זיך שוין געטומלט מיט דוד טריטשס פּלע־נער וועגן ציפערן און וואַדי-על-אַריש. מען איז אין די רייען פון די ציוניסטן, בפרט אין די דעמאָקראַטישע און פּראָלעטאַרישע, געווען זייער אומגעדולדיק, מען האָט געוואַרט אויף א ממשותדיקער לייזונג.

און מיטאַמאָל איז געקומען אוגאַנדע.

איך האַלט פאַר נויטיק דאָ אונטערצושטרייכן, אַז די ידיעה האָט צווישן אונדז קיינעם ניט איבערגעשראָקן און איז גלייך „כהרף עין" כמעט פון אונדז אַלעמען אויפגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער פרייד.

די באַגייסטערונג פאַר אוגאַנדע איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן באַ־שלאָסן דאָס עפנטלעך צו דעמאָנסטרירן. פאַרנאַכט האָבן מיר אויף דעם ברייטן פּאָלוואַסערדיקן טייך פּינע אָפּגעדונגען אַלע שיפלעך, אַרויסגעשוווּמען אויפן מיטן פון דעם טייך און מיט יונגנט-געשרייען געגעבן אַן אויסדרוק אונדזער גרייט־

קייט צו נאַציאָנאַלער אויסלייזונג אין אוגאַנדע, וואָס קיינער פון אונדז האָט אפילו ניט געוווּסט, ווו זי געפינט זיך.

די עטלעכע פּינסקער פּאָליציאַנטן זיינען אומבאַהאָלפן אַרומגעלאָפן אויפן בּרעג און, ניט האָבנדיק קיין איין שיפל, ניט געווען בכוח צו כאַפּן די „קאַטשקעס אויפן וואַסער".

מיר אַליין אין די שיפלעך האָבן אָבער מאַניפעסטירט ניט נאָר אונדזער הייסע סימפּאַטיע צו דער ווייטער אוגאַנדע, נאָר עס איז געווען אויך אַן אויס-דרוק פון יוגנט־פרייד בכלל און אַ פּראָטעסט קעגן דער עקסיסטירנדיקער אָרדע-נונג און זעלבסטהערשאַפט.

עס האָט ניט געהאַט קיין פאָרמול, אָבער אונדזער האַרץ האָט עס גאַנץ גוט אריינגענומען צוזאַמען אַן שום „ויתרוצצו".

צווישן די מענטשן, וואָס האָבן שפּעטער אַן אָנטייל גענומען אין ס"ם (אָדער י"ס), זיינען דאַן אין אונדזערע שיפלעך געזעסן שמואל וויצמאַן, יוסף ראָם, יוסף ברעגמאַן (י"ס), שולמאַן און אַנדערע.

ביי דער נאַכט האָבן מיר אין הויז פון די וויצמאַנס לכבוד אוגאַנדע איינגע-אָרדנט אַ פרייַלעכע „ווענטשערינקע". מען איז געווען שיכור פון פרייד, יוגנט און אוגאַנדע...

## 4. אין וואַרשע

ה ארבסט 1903 בין איך אוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. אָפיציעל האָט דאָס געהייסן, אַז איך בין געפאָרן זיך גרייטן צום עקזאַמען אין פּאָליטעכניקום. ווער אָבער, וואָס איז שוין געווען אָנגעשטעקט מיט געזעלשאַפטלעכקייט, האָט אין יע-נער תקופה געקענט זיצן ביי זיך אין חדר און זיך פּלאָנטערן מיט לאָגאַריטמען, בשעת אַזוינע פּראָבלעמען האָבן געפאָדערט אַן אַנטשיידונג?

איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט פאַרבינדונגען אין וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע דורך יעקב און יוסף לעשצינסקי, וואָס זיינען געווען די אָנפירער פון די אַר-טיקע „אַרבעטער־ציוניסטן" (ווי די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דאַן אָפיציעל אָנגערופן).

אָבער מיט די ברידער לעשצינסקי גופא האָב איך אין דער דאָזיקער צייט זיך גאָר ווייניק באַגעגנט. געווען בין איך נאָר אויף איין אומלעגאַלער פאַרזאַמ-לונג אויף פּ אָ וו אָ נ ז ק ע ס, ווו מען האָט פאַר אַ גאַנץ גרויסן עולם געלייענט אַ רעפעראַט פון ש מ ע ו ן ד אָ ב י ן, וועלכער האָט דערקלערט מיטן היס-טאָרישן מאַטעריאַליזם, מיטן קלאַסן־קאַמף די געשיכטע פון חנוכה, דעם קאַמף פון די מאַכאַבייער.

די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע איז אין יענער צייט שוין געווען אַ גאַנץ צאָל-רייכע, אָבער דאַן האָט זי דורכגעמאַכט אַ געוויסן קריזיס, ווייל יעקב לעשצינסקי, דער גייסטיקער פאָטער און פּראָפּאַגאַנדיסט־טעאָרעטיקער פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט אַליין איבערגעלעבט אַן אידעישן קריזיס, ניט געווען אימשטאַנד צו פאַר-

בינדן דעם ציוניזם מיטן סאָציאַליזם, זיך טעאָרעטיש ארויסצופּלאָנטערן פון דעם קאמף אויף צוויי פלאַכן און האָט זיך צייטווייליק באַזייטיקט פון דער ארבעט.

אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געבליבן שלמה זוסמאַן און זלמן מייזנער.

שלמה זוסמאַן (איצט אַ בונדיסט) איז געווען אַ תלמיד פון יעקב לעשצינ-סקי. אָקאָרשט ארויס פון דער ישיבה, האָט אים געפעלט די עלעמענטאַרע ביל-דונג, דערפאַר אָבער האָט ער פאַרמאָגט אַ גוטן טעאָרעטישן קאָפּ.

זלמן מייזנער (זלמן בורזשוי) איז געווען דער פּראַקטיקער פון דער אָרגאַ-ניזאַציע. געשטאַמט פון אַ רייכער משפחה, אַ גרויסער און טומלדיקער, בסך־הכל 12 קינדער, און כמעט אַלע זיינען ארומגעכאַפּט געוואָרן פון דער רעוואָלוציע, דאָס גרויסע הויז פון די מייזנערס אין ווארשע אויף כלאָדנע 2 איז אין משך פון עט-לעכע יאָר געווען דער צענטער פון דער ס"ס־באַוועגונג.

שלמה זוסמאַן, זלמן מייזנער און אייזיק דער קליינער (אַ האַנדלס-אָנגע-שטעלטער, וועמענס פאַמיליענאָמען איך געדענק ניט) האָבן נאָך דעם אָפּ-פאָרן פון די לעשצינסקים געבילדעט דעם ווארשעווער קאָמיטעט.

קורץ נאָך מיין קומען קיין ווארשע האָט מען מיך קאָאָפּטירט אין קאָמי-טעט.

אונדזער אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען דערהויפּט פון ארבעטער. אַ טייל פון זיי האָט פאַרמאָגט ניט קיין שלעכטע טעאָרעטישע צוגרייטונג, דורכגעגאַנגען די שול פון לעגאַלן דעמאָקראַטישן ציוניזם, ווו עס האָבן געאַרבעט יצחק גרינ-בוים, שפּרינצאַק און אין דער ערשטער תקופה צוזאַמען מיט זיי אויך יעקב לעש-צינסקי.

די הויפּט־ארבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט געשטרעבט טעאָ-רעטיש צו דערקלערן דעם ציוניזם דורך דער טעאָריע פון היסטאָרישן מאַטעריאַ-ליזם און אויף אַזאַ אופן באַגרינדן די נויטווענדיקייט פון אַ טעריטאָריע פאַר דעם יידישן ארבעטער און דעם פּראָצעס פון זיין פּראָלעטאַריזאַציע.

דאָס איז געווען געבונדן מיט דער פּראָבלעם פון סאָציאַליזם. אונדזער אָר-גאַניזאַציע האָט דאַן נאָך אָפיציעל ניט געהייסן קיין סאָציאַליסטישע. אין יענער תקופה האָט אַזוי („ציוניסטן-סאָציאַליסטן") געהייסן נאָר די דווינסקער אָרגאַ-ניזאַציע, אָבער אין עצם האָבן מיר זיך געהאַלטן פאַר רעוואָלוציאָנערן און סאָ-ציאַליסטן. און אַזוי איז אויך געווען אונדזער רוף אין דער וועלט פון דעמאָקראַטיקן פּראָלעטאַרישן ציוניזם. פון אַנדערע שטעט פלעגט מען קומען זיך צו באַקאָנען מיט אונדזער ראַדיקאַלער ריכטונג. איך דערמאָן זיך אָן אַ באַזוך פון קאַראַלניק, בראָן, (איצטיקן קאָמוניסט), אויך א. ד. אידעלסאָן און אַל. ראַסקין זיינען געקו-מען פון מאָסקווע זיך צו באַקאָנען מיט אונדזערע טעאָריעס און ריכטונג.

דער ווינטער 1903-1904 איז אינגאַנצן אַוועק אויף פּראָפּאַגאַנדיסטיש-טעאָ-רעטישער ארבעט, הגם מען האָט אויך געפירט פּראָפעסיאָנעלע ארבעט און אפילו אָנגעפירט מיט קליינע שטרייקן.

מען האָט אויסגעלעבט דעם אַלגעמיינעם ציוניזם און מיט עכטער מאָסן-התלהבות געלייגט די יסודות פאַר נייע באַגריפן פון דעם פּראָלעטאַרישן ציוניזם.

די אגיטאציע אונדזערע איז נעגאנגען גאנץ לייכט און האט באאומרויקט דעם „בונד“, וועלכער פלעגט ארויסלאזן אפט בלעטלעך, כדי צו באקעמפן ספע־ציעל אונדזער ראדיקאלע ריכטונג.

חוץ ארבעטער האט ארום אונדז זיך אנגעהויבן גרופירן אינטעליגענץ. די ארבעט צווישן דער אינטעליגענץ איז אויסגעקומען הויפטזעכלעך מיר צו פירן. אין די דאזיקע קרייזלעך האט אנגעהויבן זיין ארבעט לעאן פייגענבוים (איצט מיטגליד פון דער אומאפהענגיקער סאציאליסטישער פארטיי אין פוילן), יאר־בלום (געשטארבן יונג) א״א, וועלכע האבן שפעטער געארבעט מיט ערפאלג אין דער ס״ס־פארטיי.

די עיקר־ענערגיע האט אין יענעם ווינטער אפגענומען ביי אונדז חוץ דער „טעארעטישער באגרינדונג“ פון ציוניסטישן סאציאליזם די קאנקרעטע פראגע, וואס איז דאן געשטאנען, וועגן א ו ג א נ ד ע.

אין דער עצם־פראגע איז, ווי געזאגט, ביי אונדז קיין שום חילוקי־דעות ניט געווען. עס האט זיך ארייגעפאסט אין אונדזער מאטעריאליסטישער וועלט־אנשויונג, וועלכע מען האט געהאלטן אין בויען און פארפולקומענען, אויך פסי־כאלאגיש איז עס פאר אונדז דורכויס אננעמבאר געווען: מיר האבן דאך געהאלטן כסדר זיך אפצושטויסן פון ציוניזם. אין באשריבענעם ווינטער האט אונדז שוין קיין זאך ניט געבונדן פאקטיש מיט דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, וועלכע מיר האבן באנומען ווי א פרעמדע, אפגעשטאנענע און פיינדלעכע וועלט.

מיר האבן געהאט א פארבינדונג מיט דער גרופע „אוגאנדיסטן“, וואס האט זיך גרופירט ארום דער צייטונג „היינט“. פון דער גרופע ווילט זיך אויסטיילן און דערמאנען דא א מערקווירדיקע פערזאן פון יידישן קלייגבירגערטום, ח ז ן. ער איז געווען א לערער פון העברעיש, אן אמתער טאלענט און א גרויסער פאלקס־רעדנער, מיט א געזונטן פארשטאנד און שכל־הישר. מען קען זאגן, אז צווישן דעם גאנצן עולם אוגאנדיסטן (אדוו. יאסינאווסקי, הלל צייטלין, יאסעלעוויטש. די פינקעלשטיינס און אנדערע) האט ער זיך אויסגעצייכנט ווי א מענטש מיט א גרויסן טעמפעראמענט. חזן (דערנאך אינגיכן געשטארבן צוליב א צופעליקער קראנקהייט) האט אונדז מיטגעהאלפן אין די ברייטערע מאסן אוועקצולייגן דעם יסוד פון פרינציפיעלן טעריטאריאליזם.

און די דאזיקע ארבעט האט זיך אונדז דאן אויסגעוויזן פאר דער וויכטיק־סטער.

די ערשטע גרויסע פראקלאמאציע, וואס מיר האבן אין יענעם ווינטער ארויסגעלאזן (געשריבן פון מיר), איז געווען א גרויסער העקטאגראפישער פלוג־בלאט מיטן נאמען: „צ י א י ז פ א ר א ן א ל י ב ע צ ו א ר ץ - י ש ר א ל ?“ מיטן גאנצן „אפאראט“ פון היסטארישן מאטעריאליזם איז דארט אויפגעוויזן געווארן, אז די טעריטאריע איז א פארבאדינג פאר דער אנטוויקלונג פון א פאלק, אבער פעלקער בייטן זייערע טעריטאריעס און זייער לעבן אנטווי־קלט זיך ווייטער. עס איז געווען אן ארויסטריט קעגן דעם אחד־העמיסטישן באנע־מען פון דער יידישער פראגע. צום באדויערן, איז דער פלוג־בלאט ניט פארבליבן. א זכר פון אים קען מען נאר געפינען אין „השלוח“ פון יענער צייט אין דער

„השקפה“ פון דר י. קלויזנער, וועלכער האָט שוין דאַן דערזען די סכנה און ארויסגעטראָטן קעגן אונדז מיט אַ שאַרפער קריטיק.

די אָרגאַניזאַציע איז געוואַקסן פון זיך, דער ציוניזם האָט אַלץ מער ארויס־געטיילט פון זיך עלעמענטן, וואָס האָבן אונטערן דרוק פון דער וואַקסנדיקער רע-וואָלוציע און אידעאָלאָגישן דראַנג געזוכט נייע וועגן.

וואָס מער מיר זיינען געוואַקסן און עס איז אין געוויסע טיילן פון דער יידי-שער אַרבעטערשאַפט געוואַקסן אונדזער ווירקונג, — אַלץ מער האָט דער „בונד“ פאַרשאַרפט זיין קאַמף קעגן אונדז.

ספּעציעל שאַרף איז געווען דער קאַמף אין וואַרשע. דאָ איז ארויסגעלאָזן געוואָרן דער ערשטער גרויסער פלוג-בלאַט פון „בונד“ קעגן אונדז מיטן נאָמען (איך געדענק אים ניט גאָר גענוי) „וועגן די סאָציאַל-געזאָנענע אַרבעטער־ציוי-ניסטן“. עס איז געווען נאָך פאַר דער בראָשור „דער קליינבירגערלעכער סאָציאַ-ליזם“.

קעגן דער דאָזיקער שווערער אַרטילעריע פון אַ גרויסער, גלענצנדיק אָרגאַ-ניזירטער פּאַרטיי, ווי עס איז דאַן געווען דער „בונד“, זיינען מיר, די קליינע גרו־פּע פון וואַרשעווער קאָמיטעט, געווען הילפלאָז. מיר האָבן געענטפערט מיט אַ העקטאָגראַפירט בלעטל, אָבער עס איז געווען פונקט דאָס זעלבע, ווי מען זאָל קעגן האַרמאַטן שיסן מיט אַ פייערשטיין-ביקסל.

אונדזער שטאָב האָט אונדז פאַרלאָזן. „האָראָדישטש“ איז געבליבן שטום אויף אַלע אונדזערע בקשות וועגן הילף. מען דאַרף באַמערקן, אַז „האָראָ-דישטש“ האָט ביי אונדז דאַן נישט נאָר געהייסן די ברידער יעקב און יוסף לעש־צינסקי, וועלכע האָבן פון דאָרטן געשטאַמט. עס איז געאָגראַפיש געווען אַ ברייי-טערער באַגריף.

פון איין זייט האָראָדישטש איז געלעגן קאָרסון, פון וואַנען עס האָט גע־שטאַמט שמעון דאָבין ,פון דער אַנדערער זייט טשערקאַס, די געבורטשטאָט פון משה ליטוואַקאָוו און זיין שוועסטער זלאַטע. צו „האָראָדישטש“ האָט אויך גע-הערט אַראָן סאָקאָלאָווסקי („אַראָן מאַקעדאָניעץ“, שפּעטער פאַרמשפּט אין מאָסקווע אין דעם פּראָצעס פון די „מענשעוויקעס“). פון די זעלבע מקומות האָט געשטאַמט דער בעלעטריסט בער סלוצקי און אַ שוועסטערקינד פון די לעשצינ-סקעס — יאָסיף גערשאָנאָוויטש לעשצינסקי.

עס איז געווען אַן עולם, צוזאַמענגעבונדן פּערזענלעך און גייסטיק, — על-טער פאַר אונדז און ניט לערך רייכער אין דערפאַרונג. מיר האָבן אָבער פון זיי קיין הילף ניט באַקומען.

ביי אַזאַ מין לאַגע האָבן מיר געפּרוווט צו פּאַראייניקן די באַוועגונג. מיר האָבן דעלעגירט דעם חבר שלמה זוסמאַן קיין מינסק, ווילנע און דווינסק צוליב דעם דאָזיקן צוועק. עס האָט אָבער צו קיין שום קאָנקרעטע רעזולטאַטן ניט גע-בראַכט.

די טעכנישע כוחות פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען שוין אויך געווען צו קנאַפּ לגבי די אויפגאַבן, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר אונדז. דער העקטאָגראַף איז שוין געווען ניט בכוח אונדז צו באַפרידיקן.

איך האָב דעריבער אויסגעשריבן פון דאַרמשטאַט מײנעם אַ פּינסקער חבר, וואָס האָט דאָרט שטודירט אין פּאָליטעכניקום, און געשמט פאַר אַ גוטן מעכאַני־קער, י ו ס ף  ר אָ ם.

ער איז געקומען קײן װאַרשע און אַװעקגעשטעלט פאַר אונדז אַ טיפּאָ־גראַפיע, װעלכע מיר האָבן אינסטאַלירט אין אָטװאָצק (בײ װאַרשע). דאָס איז געװען אָנהױב זומער 1904.

קײן געדרוקטע ליטעראַטור, אין אמתן זין פון דעם װאָרט, האָבן מיר אָבער ניט פאַרמאָגט. דאָס אײנציקע, װאָס האָט זיך באַװיזן, איז געװען דער אָרגאַן „װאָזראָזשדעניע" און דער באַריכט פון דער קאָנפערענץ „װאָזראָזשדע־ניע", װאָס זײנען געװאָרן אָפּגעדרוקט אין אױסלאַנד. די חילוקי־דעות צװישן אונדז און דער „װאָזראָזשדעניע"־גרופּע איז נאָך דאַן ניט געװען קלאָר. און עס איז באַשלאָסן געװאָרן, אַז מען מוז דורכשמוגלען די ליטעראַטור פון אױסלאַנד צו אונדז.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן י ו ס ף  ק ר ו ק אין טשענסטאָכאָװ און בין צו אים אַװעקגעפאָרן. טשענסטאָכאָװ איז דאַן געלעגן בײ דער גרענעץ, און יוסף קרוק און אַ פּאָר זײנע חברים האָבן זיך ענערגיש גענומען פאַר דעם ענין.

אין אַ קורצער צײט אַרום, אין אַ שבתדיקן טאָג, איז געקומען צו מיר צו־לױפן אַ חברטע און האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אױף אונדזער „בירזשע" אױף נאַלעװוקעס, לעבן דעם קראַסינסקי־גאָרטן, װאַרט אױף מיר מיט אַ שרעקלעכער אומגעדולד אַ געקומענער פון דער פרעמד גימנאַזיסט.

איך בין געקומען צו לױפן — יוסף קרוק אין אַ װינטערדיקן שינעל (געװען איז עס אין תמוז!) שטײט אָנמעכטיק אָנגעשפּאַרט אָן פּאַרקן פון גאָרטן.

װײזט זיך אַרױס, ער האָט ניט געפונען מײן דירה, אַרומגעבלאָנדזשעט אי־בער װאַרשע און האָט ענדלעך געטראָפן אױף אונדזער בירזשע.

אַ טױט־מידן האָב איך אים פאַרפירט צו זיך, אַראָפּגענומען דעם װינטער־דיקן שינעל, דעם יום־טובדיקן מונדיר (אַלץ צוליב קאָנספּיראַציע), אַװעקגעלײגט אים אױף אַ בעט און גענומען אָפּבינדן די פּאַסן, מיט װעלכע עס זײנען געװען אַרומגעבונדן אַרום זײן קערפּער די „װאָזראָזשדעניעס", װאָס ער האָט אױף זיך געטראָגן... איך געדענק, װיפיל פון אונדז האָבן דאַן געהאַט הנאה פון דער דאָ־זיקער ערשטער, עכטער, טיפער, אײגענער ליטעראַטור. זאָל מען כאָטש מיט אַזאַ איחור זמן װיסן, װעמען מ'האָט עס דאַן געהאַט צו פאַרדאַנקען.

דער זומער 1904 האָט זיך פאַר מיר אין װאַרשע פאַרענדיקט מיט אַן אינ־צידענט, װאָס האָט אַן אַלגעמײנעם אינטערעס.

אין אָטװאָצק אױף דער באַן־ליניע האָב איך באַקומען די ידיעה װעגן טױט פון דר. טעאָדאָר הערצל. הגם מיר זײנען שױן אינגאַנצן װײט געװען פון ציוניזם און דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער הערצל איז געװען אונדזער העלד און אונדזער שטיצע אין קאַמף קעגן חיבת־ציון, ציוני ציון און אונדזער פאַרבינ־דעטער אין קאַמף פאַרן טעריטאָריאַליזם.

למען האמת מוז איך באַשטעטיקן, אַז איך האָב, באַקומענדיק די דאָזיקע ידיעה, געװײנט מיט ביטערע טרערן.

געקומען גלייך קיין ווארשע און אויף א זיצונג פון קאָמיטעט איז געבליבן, אז מען מוז „עפּעס“ טון אין טאָג פון הערצלס לויה.

איך האָב אָנגעשריבן א פּראָקלאַמאַציע און מיטן כתב-יד אַוועקגעפאָרן קיין אָטוואָצק. א גאַנצע נאַכט האָבן מיר געזעצט און געדרוקט די פּראָקלאַמאַציע און אין דער פרי בין איך מיט הענט נאָך אויסגעשמירט מיט טיפּאָגראַפישער פארב מיט דער באַן ווידער געפאָרן קיין ווארשע.

אויף אונדזער בירזשע אין אָנהויב נאַלעווקי אויף דעם טראָטואַר פון קראַ-סינסקיס גאָרטן האָט זיך אויפגעקליבן אונדזער אָרגאַניזאַציע — א מענטשן 150—200. מיר האָבן זיך געלאָזן צו די נאַלעווקעס אין דער ריכטונג צו מוראַ-נאָוו און האָבן טומלדיק גענומען פאָדערן, אז צוליב דער לויה פון טעאָדאָר הערצל זאָל מען שליסן די קראָמען.

די ווארשעווער קרעמער זיינען געווען זייער פּאַרוואונדערט פון אזא פאָדערונג, די עטלעכע פאָרשטייער פון דער פּאָליציי, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן אָרט, האָבן לכתחילה ניט פארשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך, אַז „אָקאָלאָדאָטשנער“ האָט זיך געווענדעט צו מיר, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס און האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט אדאַנק דעם רוסישן העמדל, די לאַנגע האָר און דער יונגנט-באָרד, אז קוים וועט ער מיך נאָך א מאָל טרעפן, וועט ער מיך גלייך אַרעס-טירן.

דערווייל האָט אונדזער עולם חוץ הערצלען גענומען דערמאָנען נאָך עטוואָס — אָנגעהויבן צו שרייען „דאָלאָי סאַמאָדערזשאַוויע“, דאָס איז גאָרניט אַריינגע-גאַנגען אין פּראָגראַם, האָט אָבער פולשטענדיק האַרמאָניזירט מיט אונדזער דע-מאָנסטראַטיווער שטימונג. דער טומל אויף דער גאַס איז געוואַקסן — מען האָט אָנגע-הויבן אין פּאַניק צומאַכן די קראָמען.

און מיר זיינען געגאַנגען ווייטער, פּאַרקערעוועט אויף פּאַוויע, דערגאַנגען ביז צו דזיקאַ און זיך מיט דעם זעלבן וועג אומגעקערט צוריק. ערשט דאַן בין איך פאַרהאַלטן געוואָרן אויף נאַלעווקעס און צוויי פּאָליציאַנטן האָבן מיך אַוועקגע-פירט אין „אוטשאַסטאָק“ אויף מוראַנאָוו.

ניט דערגייענדיק צו מוראַנאָוו זיינען פאַר אונדז דורכגעגאַנגען צוויי יונגע-לייט פון אונדזער א שילער-גרופּע און מיר א ווונק געטאָן מיט די אויגן. אין א מינוט אַרום זיינען זיי באַפאַלן די פּאָליציאַנטן און מיט גרויסע שטעקנס זיי דערלאַנגט איבער די פּים מיט דער כונה, יענע זאָלן פאַלן און איך זאָל זיך קענען ראַטעווען.

די פּאָליציאַנטן זיינען אָבער געבליבן שטיין אויף די פּים און בשעת איך האָב זיך אומגעקוקט, האָב איך דערזען ווי גלייך אויף אונדז לויפט מיטן גרעסטן אימפּעט אויף זייערע פערד אַן אָפּטיילונג פון קאָזאַקן.

מען האָט מיך אָפּגעפירט אין מוראַנאָווער אוטשאַסטאָק. א גאַנצן טאָג זיי-נען אַרומגעלאָפן חברים פון דער באַוועגונג אַרום אוטשאַסטאָק און אפילו אין אָוונט אַ זייגער 11-12, בשעת מען האָט מיך געפירט אין געפענגעניש אין ראַטוש, האָט חברה מיך אָפּגעהיט און געמאַכט א פּרוּוו ווידער אָפּצושלאָגן.

פאַר דער דעמאָנסטראַציע האָט מען מיך פאַרמשפּט אויף 3 וואָכן זיצן. ווי אַ קוריאָז איז אפשר כדאי צו דערמאָנען, אַז מיין פאָטער איז געגאַנגען צו דעם דעמאָלטיקן באַרימטן וואַרשעווער פּאָליצמייסטער פאָן־נאָלקען זיך משתדל צו זיין פאַר מיר און האָט, נאַטירלעך, פאַרגעשטעלט דעם ענין אויף אַזאַ אופן, אַז איך בין אַ פּשוטער ציוניסט און האָב געליטן צוליב דעם דר. טעאָדאָר הערצל.

אַז פאָן-נאָלקען האָט דערהערט דעם נאָמען פון הערצל, האָט ער דערציילט מיין פאָטער, אַז הערצלען האָט ער גוט געקענט, ווייל ער איז צו אים געווען צו־קאָמאַנדירט, בשעת הערצל איז געווען אין פּעטערבורג ביי פּלעווען.

„או טאַקאָווא פּאַריאַדאָטשנאָווא טשעלאָוויעקאַ טאַקיע מערזאַווצי פּאַסליע־דאָוואַטעלי", — האָט פאָן־נאָלקען אַרויסגעזאָגט זיין טיפּסטע פאַרוווּנדערונג.

אין דעם טאָג, ווען מען האָט מיך אַרויסגעלאָזן פון טורמע, האָט אָבער גע־טראָפן אַן אַנדער שמחה.

בשעת איך בין מיט מיין פּעקל אַרויס דורך דעם טעאַטער-פּלאַץ, דורך ביעלאַנסקאַ אויף די נאַלעווקעס, האָב איך באַמערקט אַן אומגעוויינלעכע שטי־מונג, מענטשן האָבן איינע די אַנדערע באַגריסט, אַנדערע האָבן זיך געקושט.

עס איז נאָר-וואָס באַקומען געוואָרן די ידיעה, אַז פּלעווע איז געפאַלן פון דער האַנט פון סאַזאַנאָוון.

גלייך נאָך דעם האָב איך פאַרלאָזן וואַרשע און מיט דעם האָט זיך געענדיקט מיין אַרבעט אין יאָר 1904 אין דער אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער־ציוניסטן אין וואַרשע.

## 5. אין דער שווייץ

(ווינטער 1904-1905)

נאָך דעם ווי מיינע עקזאַמענעס אין וואַרשעווער פּאָליטעכניקום זיינען געוואָרן בטול צוליב מיין אַרעסט, איז ביי אונדז אין משפּחה געבליבן, אַז איך זאָל פאָרן זיך לערנען אין אויסלאַנד „אויף אַ דאָקטאָר". אין האַרבסט 1904 בין איך צום ערשטן מאָל אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד און דורך ווין געקומען קיין שווייץ, אין בערן.

וואָס עס האָט אין יענער צייט פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט באַ־טייט בערן, איז אַלגעמיין באַקאַנט. ביידע לאַגערן, סיי דער סאָציאַליסטישער, סיי דער ציוניסטישער, האָבן דאָרט געהאַט די הויפּטשטאַבן פון די סטודענטישע קאָלאָניעס. אין דעם ווינטער 1904 האָב איך דאָרט צו מיין באַדויערן ניט גע־טראָפן ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. פאַרבליבן איז פון זיין נאָענטער סביבה ש. אַנ—סקי. משה זילבערפאַרב, וואָס האָט זיך פאַרנומען אין אויסלאַנד מיט דער אָרגאַניזירונג פון „וואָזראָזשדעניע", איז מיט אַ קורצער צייט צוריק אַריבערגע־פאָרן אויף ווינטער קיין פּאַריז. דאָך האָט זיך פון אונדזער עולם אָנגעקליבן אַ

וויכטיקע גרופע, אויפן ערשטן אָרט דאַרף דערמאָנט ווערן נ ח ו ם  ש ט י ף, וואָס איז פון ראָוונע צוזאַמען מיט זיין שפּעטערדיקער פרוי דבורה און איר שוועסטער מלכה געקומען אין דער זעלבער צייט קיין בערן. עס איז גלייך צוגעשטאַנען צו אונדזער געזעלשאַפט אַ יונגער סטודענט  י ש ר א ל  י ע פ ר ו י ק י ן  און נאָך (פאַר יענע באַדינגונגען) אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל סטודענטן און סטודענטקעס. שפּעטער איז צו אונדזער גרופּע צוגעשטאַנען אַ. קאַפּעל (מוקדוני). נאָענט צו אונדז ווי אוגאַנדיסטן — זיינען געשטאַנען העלמאַן (רעדאַקטאָר פון ריגער „פּרימאָרגן") און ד"ר יאַכעלמאַן, וואָס איז אינגיכן אַריבער אויף דער פּלאַטפאָרם פון פּרינציפּיעלן טעריטאָריאַליזם.

פון ביידע אויבנדערמאָנטע לאַגערן פון דער בערנער יידישער סטודענטנשאַפט זיינען מיר נאָך דעמאָלט, לויט אונדזער פאַרגאַנגענהייט, געווען מער פאַרבונדן מיט די ציוניסטן. זיי האָבן דעמאָלט פאַרמאָגט אין בערן זייער איינציקע גרויסע איינפלוסרייכע סטודענטישע קאָלאָניע אין מערב-אייראָפּע.

דער בערנער אוניווערסיטעט איז דאַן געווען דער איינציקער אין אייראָפּע, אין וועלכן מען פלעגט אָננעמען אָן מאַטורע און מען פלעגט בכלל זייער וויניק מקפיד זיין, וואָס פאַרא בילדונגס-צוגרייטונג עס פאַרמאָגן די סטודענטן. מען פלעגט זיך וויצלען, אַז יונגעלייט פון רוסלאַנד פלעגן אין בערן ווערן אָנגענומען אויפן סמך פון קוויטן פון וועשערייען אָדער פון בילעטן פון דער אייזנבאַן, וואָס מען פלעגט ברענגען פון דער היים.

בערן איז דעריבער געוואָרן אַ זאַמלפּונקט פאַר אַלע אויטאָדידאַקטן, משכילים און אַלטע בחורים פון תחום-המושב, וואָס האָבן געשטרעבט צו בילדונג. כדאי אָנצורופן, אַז דאָ האָבן זיך געלערנט ד"ר מאַסינזאָן, באַגראַטשאָוו, מ. א. באָרוכאָוו, ד"ר גיסין, ד"ר גליקסאָן (רעדאַקטאָר פון „הארץ"), דער משורר י. ל. באָרוכאָוויטש, סטופּניצקי א. א. דער ציוניסטישער עולם האָט געהאַט זיין „קיך" (אויב איך בין זיך ניט טועה) אויף דער צערינגערשטראַסע. אין יענער צייט איז די שחיטה אין דער שווייץ געווען פאַרבאָטן. עס האָט זיך אָבער געפונען אַ יידישער נדבן, וואָס האָט געזאָרגט פאַר אונדזערע נשמות. ער פלעגט צוצאָלן דעם אונטערשייד און מען פלעגט כשר פלייש ברענגען פון דעם דייטשן גרענעצשטעטל באַדען.

אונדזער אָנקומען האָט אויפגערודערט דעם ציוניסטישן עולם און דער קאַמף צווישן די שפּעטערדיקע „ציוני-ציון" מיט אונדזערע סאָציאַליסטישע טעריטאָריאַליסטן איז געווען דער וויכטיקסטער פּונקט, אַרום וועלכן עס האָבן זיך געפירט די דיסקוסיעס און קאַמפן אין דער ציוניסטישער כשרער קיך. די אַטמאָספער איז פאַר אונדז געווען גינסטיק און דער געזעלשאַפטלעכער גראַנגל איז געווען פאַר אונדז וויכטיק, ווייל מיר האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן אין פּראָצעס פון אויסבילדן אונדזער מאַטעריאַליסטישע און סאָציאַליסטישע וועלטאָנשויונג.

איך וועל זיך דאָ נאָר אָפּשטעלן אויף איין געשעעניש, וואָס האָט אין אונדזער דעמאָלטיקן לעבן (און אויף מיין פערזענלעכן) געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. זעענדיק אונדזער וואַקסנדיקע חוצפּה, האָבן די בערנער ציוניסטן באַשלאָסן

אנצוווענדן שטאַרקע מיטלען און צו מאַכן אַ סוף צו דער טעריטאָריאַליסטישער אַפּיקורסות. מען האָט פון זשענעוו אַראָפּגעבראַכט אויף אַ דיסקוסיע דעם שווערסטן האַרמאַט פון דעמאָקראַטישן ציוניזם, צבי אבערסאָן. פאַר דעם איצטיקן דור זאָגט דער נאָמען פון דעם פאַרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ביים פעלקער־בונד גאָר ווייניק, אָבער אין יענער תקופה איז עס געווען אַן ערשטראַנגיקער נאָמען. אין דער דעמאָקראַטישער פראַקציע איז ער געווען גערעכנט פאַרן טעאָרעטיקער, ספּעציעל „קעגן די סאָציאַליסטן" און פון אויער צו אויער פלעגט מען איבערגעבן, אַז אבערסאָן אַרבעט אויף אַ בוך, וואָס וועט „מאַכן אַ סוף מיט מאַרקסן".

געקומען איז אבערסאָן קיין בערן מיט אַ גאַנצער סוויטע פון קאָרפּאָראַנטן מיט ווייסע היטעלעך, ברייטע בענדער איבער די קאָמיזעלקעס, מיט איין וואָרט לויט אַלע חוקים פון דער קאָרפּאָראַציע. אויף אונדז, וואָס זיינען געקומען פון אַן אַנדער סביבה, האָט עס געמאַכט גלייך אַן אָפּשטויסנדיקן איינדרוק.

דער נאַציאָנאַלער טייל פון דער בערנער קאָלאָניע האָט זיך געגרייט צו אַן אַנטשיידענעם קאַמף.

דער רעפעראַט און די דיסקוסיע, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין איינעם פון די גרעסטע קאַפעס פון בערן, אין דער אָנוועזנהייט פון אַ פאַר הונדערט מענטשן, האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך. מען האָט פאַרלאָזן די לעקציעס און מען איז אינגאַנצן געווען פאַרטאָן מיט דער דיסקוסיע.

איך בין אין דער דאָזיקער דיסקוסיע אַרויסגעטראָטן ווי דער הויפּט־רעדנער מצד די טעריטאָריאַליסטן. הגם מיר איז שוין ביז דאַן אויסגעקומען זייער אָפט צו ריידן עפנטלעך, אָבער פאַר אַזאַ מין עולם בין איך צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז עפנטלעך פאָרמולירט געוואָרן דער שטאַנדפּונקט פון טעריטאָריאַליזם און די קריטיק פון ארץ־ישראל ווי אַ טעריטאָריע.

פאַר מיר פערזענלעך האָט די דיסקוסיע געהאַט די באַדייטונג, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל דערפילט מוט און זיכערקייט אין געזעלשאַפטלעכן קאַמף אויף אַ ברייטער אַרענע. אונדזער גאַנצע גרופּע איז אַרויס פון דער דאָזיקער דיסקוסיע דערפרישט און דערמוטיקט.

דערווייל זיינען צו אונדז פון רוסלאַנד דערגאַנגען ידיעות, אַז אין אָדעס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ קאָנפערענץ פון אונדזערע חברים, וואָס האָט פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון דער פּאַרטיי ס"ס, אָבער די גאַנצע קאָנפערענץ איז דערביי דורכגעפאַלן און אַלע אירע אָנטיילנעמער זיינען געוואָרן אַרעסטירט.

עס איז געבליבן, אַז איך מוז גלייך פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד, אָבער פאַרן אוועקפאָרן באַזוכן לאָזאַן און זשענעוו, כדי אויפצוקלייבן אַביסל געלט און מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער נייער פּאַרטיי. אין לאָזאַן בין איך צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן מיט אַן עפנטלעכן רעפעראַט אין אַ סטודענטישער קאָלאָניע, מיין הויפּט־אָפּאָנענט איז געווען ד"ר יוסף קלויזנער, וואָס האָט פּשוט ניט געקענט משיג זיין די העזה פון מענטשן, וועלכע קריטיקירן אחד־העמען.

אין זשענעוו האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ יונגן סטודענט ש מ ו א ל

א י צ ק אָ ו ו י ט ש פון באקו. מיט דעם דאָזיקן סטודענט האָב איך לאַנג דיס־קוטירט וועגן ארץ־ישראל און טעריטאָריאַליזם, ביז וואַנען ער האָט זיך מודה געווען אָפּנהארציק און גוטמוטיק, אַז ער פילט זיך ניט ביכולת צו פירן דעם טעאָרעטישן ויכוח, אָבער נעמט ביי מיר אַ וואָרט, אַז פאַרנדיק קיין רוסלאַנד, וועל איך זיך אָפּשטעלן אין מינכען און זיך דורכשמועסן מיט איינעם אַ סטודענט ל ו אָ ו י ט ש , וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון ארץ־ישראל און וועט זיין אימשטאַנד צו פאַרענטפערן אַלע מיינע קשיות און מיך איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון ארץ־ישראל־ציוניזם.

אין וועג צווישן לאָזאַן און זשענעוו איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין פעטערבורג דעם 9-טן יאַנואַר. אין זשענעוו בין איך געווען אויף אַ גרויסן מיטינג, אויף וועלכן עס זיינען אַרויסגעטראָטן אַלע אַלטע און יונגע גענעראַלן פון דער רוסישער רעוואָלוציע און צום ערשטן מאָל געהערט ווי אַ פילטויזנט-קעפּיקער עולם האָט אויף די פאַרשיידנסטע שפראַכן מיט איין אָטעם געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל.

די געשעענישן האָבן אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, אַז מען האָט געמוזט נאָך מער זיך איילן.

זיך אומגעקערט קיין בערן און גלייך זיך געלאָזן אין וועג. אין ציריך זיך אָפּגעשטעלט ביי שמואל ווייצמאַן און זיין פרוי באַסיאַ, אונדזערע חברים, און אַרויסגעטראָטן אין דער קאָלאָניע מיט אַן עפנטלעכן רעפעראַט. פון דאָרט בין איך פאַרפאָרן קיין מינכען. אָפּגעזוכט די דירה פון ד. לוואָוויטש און אַרום 6-7 פרי אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון זיין צימער. אַ זייער הויכער און זייער מאָגערער, פאַרשלאָפענער יונגערמאַן האָט אַרויסגערוקט זיין קאָפּ און געפרעגט, וואָס איך האָב אים צו זאָגן. אַז איך האָב אים דערקלערט, מיט וואָס פאַר אַ שליחות איך קום צו אים פון זיין חבר איצקאָוויטש, האָט ער מיך פריינדלעך איינגעלאַדן צו זיך און איך בין פאַרבליבן זיין גאַסט.

אין דעם זעלבן אָוונט אָדער אפשר אויף מאָרגן האָט ער פאַר מיר איינ־געאָרדנט אַ רעפעראַט,אויף וועלכן מיינע אָפּאָנענטן זיינען געווען אַ באַקאַנטער ציוניסט ג אַ ל פּ ע ר י ן און ער, לוואָוויטש. ביידע האָבן מיט מיר פּאָלע־מיזירט פון שטאַנדפּונקט פון טראַדיציאָנעלן ציוניזם, אָבער ל ו ו אָ ו ו י ט ש האָט נאָכן רעפעראַט מיר דערקלערט, אַז קיין גרויסע חילוקי־דעות זיינען צווישן אונדז ניטאָ, אַז מיר קענען זיך צונויפריידן.

אין אַ 5-6 וואָכן נאָך מיין קומען קיין רוסלאַנד איז צו מיר דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז לוואָוויטש (וואָס האָט זיך פון דאַן אָן באַנוצט מיטן פּסעוודאָנים ד א ו י ד אָ ו י ט ש) איז אַריינגעטראָטן אין דער נייער פּאַרטיי, וואָס ליגט אויף אים גרויסע האָפענונגען.

פון מינכען האָט מיין וועג דעמאָלט געפירט קיין דאַרמשטאַט, וואו איך האָב געהאַט גוטע פאַרבינדונגען. דאָרט האָט שטודירט דער שוין דערמאָנטער יוסף ראָם פון פּינסק און צוויי חברים פון אונדזער וואַרשעווער סטודענטן־גרופּע, לעאָן פייגנבוים און יאַרבלום. אין דאַרמשטאַט בין איך ווידער אַרויס־

געטראָפן מיט א רעפעראַט אין דער קאָלאָניע, ווו מיין הויפט־אָפּאָנענט איז געווען דער באָלשעוויק צ י ו ר ו פ א (א שפּעטערדיקער נאַרקאָם).

פון דארמשטאַט זיינען מיר שוין אַרויסגעפאָרן זאָלבעדריט, צוזאַמען מיט ראָמען און פייגנבוימען. אויפן וועג, אין פראַנקפורט, האָבן מיר באַמערקט, אז מען שפּיאָנירט אונדז נאָך און איך בין געווען געצווונגען אין האַלע אַראָפּצונעמען מיינע לאַנגע האָר און באָרד, אַזוי, אז די חברים אין בערלין, וואָס האָבן מיך אָפּגעוואַרט אויפן באַנהויף, האָבן מיך ניט דערקענט.

בערלין איז, ווי באַקאַנט, געווען די שטאָט, ווו ד"ר נחמן סירקין האָט מיט זיין קליינער גרופּע פריינד און תּלמידים (לאַצקי, קאַלמאַנאָוויטש, גאָלדע און עטלעכע אַנדערע) געגרינדעט דעם „חירות", אָבער אין דער גרויסער, טומלדיקער סטודענטישער קאָלאָניע פון בערלין—שאַרלאָטענבורג זיינען זיי געווען פאַראיינזאַמט און אָן ווירקונג אויף דעם גרויסן עולם. סירקין אליין, ביי אלע זיינע גייסטיקע מעלות, איז ניט געווען קיין רעדנער און מיט זיין גאַנצער מענטאַליטעט און גייסטיקער איינשטעלונג איז ער געווען פרעמד און ניט פאַרשטענדלעך פאַר דער דעמאָלטיקער סאָציאַליסטיש־אַסימילאַטאָרישער (אין פאַרשיידענע מדרגות) יידישער סטודענטישער מאַסע.

פאַרשטייט זיך, אז איך האָב געמוזט לייענען א רעפעראַט אויך אין דער בערלינער קאָלאָניע. וואָס מאַכט מען אָבער מיט דער קאָנספּיראַציע? איצט וועלן די רוסישע „שמעקערס" מיך דאָך שוין זען אָן א באָרד. איז פאַרבליבן, אז מען וועט מיך פאַרגרימירן. און כך הוה. מען האָט מיר ביי א ספּעציעלן פריזירער צוגעקלעפּט א גרויסע באָרד און אונטער א פּסעוודאָנים, דאַכט זיך, שלעזינגער, האָב איך פאַר א פולגעפּאַקטן, ניט גאָר קיין גרויסן, זאַל געלייענט א טעאָרעטישן רעפעראַט, נאַטירלעך, אין רוסיש. איך געדענק ניט גענוי דעם פאַרלויף פון דער דיסקוסיע, אָבער אין מיין זכרון איז פאַרבליבן דער איינדרוק, ווי ניט פאַרשטענדלעך מיינע רייד זיינען געווען פאַר דער אוידיטאָריע פון יידישע סטודענטן, ווי ממש עקזאָטיש עס האָט פאַר זיי געקלונגען מיינע טעאָרעטישע אויספירונגען וועגן סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם, וועגן דעם סינטעז, צו וועלכן מיר האָבן געשטרעבט אויף דעם גרונט פון מאַרקסיזם. און נאָך אן איינדרוק, א פיזישער, איז ביי מיר פאַרבליבן. פון גרויס היץ אין זאַל האָט מיין באָרד זיך גענומען אָפּקלעפּן. דער עולם האָט עס באַמערקט און האָט אָנגעהויבן זיך וועגן דעם אַזוי צו שושקען, אז איך האָב דאָס דערהערט.

דערמונטערט און דערוואַרעמט פון קאַמף אין נייע באַדינגונגען, האָב איך זיך דורך איידקונען געלאָזט קיין רוסלאַנד.

דאָ האָט מיך געטראָפן אן אַלגעמיינער אייזנבאַן-שטרייק. יעדער איינער, וועד עס פלעגט אין יענע ציטן פאָרן פון אויסלאַנד אַהיים, געדענקט, וואָס פאַר א שווערער געפיל עס פלעגט אים באַהערשן בשעת פון „פרייען דייטשלאַנד" פלעגט מען אַריבערפאָרן קיין רוסלאַנד. דאָס מאָל איז אָבער געווען אַנדערש. די רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אַזוי דראַמאַטיש אַנטוויקלט אין רוסלאַנד, האָט גערופן און צו זיך געצויגן.

## 6. האָמעל 1905.

קיין ווארשע בין איך אָנגעקומען אין סאַמע ברען פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן.

אויפן צווייטן טאָג נאָך מיין אָנקומען האָט די אָרגאַניזאַציע מיך איינגעלאָדן איבערצולייענען אַ רעפעראַט פאַר דער אינטעליגענץ. דאָ האָט פּאָליציי אונדז פאַרהאַלטן און מ'האָט אונדז אַלעמען אָפּגעפירט אין „צירקל" (קאָמיסאַריאַט). צוליב דעם מן הסתם, וואָס אַלע געפענגענישן זיינען געווען איבערפולט, האָט מען נאָך פאַרהאַלטן אונדזערע פּעסער און אונדז באַפרייט.

איך האָב ניט געהאַט קיין צייט אָפּצוּוואַרטן ביז וואַנען פּאָליציי וועט זיך דערמאָנען אָן מיר און מיין פּאַס — איך האָב גלייך געמוזט פאַרלאָזן ווארשע. דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די חברים, וואָס זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן אין אָדעס, זיינען באַפרייט און אַז די קאָנפערענץ האָט אויסגעקליבן אַ צ"ק פון דער נייער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך אָנגערופן פון איצט אָן „ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי" (ס"ס). דער צ"ק האָט אָבער נאָך ניט באַוויזן זיך צו אָרגאַניזירן ווי געהעריק און האָט נאָך ניט געהאַט קיין שטענדיקן זיץ-אָרט.

איך האָב באַקומען די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן דעם ליטווישן ראַיאָן-קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט אַרומנעמען די קאָמיטעטן דווינסק, ווילנע, מינסק, באָברויסק, האָמעל און מאָהילאָוו אויפן דניעפּר, — מיט איין וואָרט, גאַנץ ליטע, אין ברייטן, „יידישן" זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. דער זיץ-אָרט פון ראַיאָן-קאָמיטעט האָט געדאַרפט זיין ה אָ מ ע ל.

אין אָנהויב פון דער אַרבעט איז פאָרגעקומען אַ ראַיאָן-קאָנפערענץ אין ק ר ע ס ל אַ װ ק ע (ביי דווינסק). אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן אָנטייל גענומען אַ ריי שפּעטער גוט באַקאַנטע חברים: דאַוויד (לעאָן פייגענבוים), יאַנקל „גאָרדאָוואָי" (ליבערמאַן) און יאַרבלום (פאַרגעסן דעם פּסעוודאָנים) פון דווינסק, מאָװשאָוויטש און סאָניאַ שור פון מינסק, אברהם וויינשטיין (אברהם דער אָדעסער — שפּעטער־דיקער ליטעראַרישער פּסעוודאָנים באָריסאָוו) פון ווילנע, אַלטער ראַשקעס (מיכאל) און אַנדערע. די דאָזיקע קאָנפערענץ איז באמת געווען איינע פון די געלונגענסטע ס"ס-ישע קאָנפערענצן. ווי שטענדיק אויף אונדזערע צוזאַמענ־טרעפן, האָט מען זיך אַ סך פאַרנומען מיט טעאָריע. מען האָט פאָרמולירט די יסודות פון דער פּראָפּאַגאַנדע, אַביסל געקנעלט מיט די חברים און אויסגעאַרבעט די ליניע פון טעאָרעטישן קאַמף מיטן ציוניזם. עס האָט געהערשט אָן אמתע באַ־גייסטערונג פון מענטשן, וואָס האָבן געטראַכט דאָס זעלבע און איצט זיך איבער־צייגט, אַז מען האָט אויסגעפונען די זעלבע פאָרמולירונגען, אַז מען רעדט אויף איין שפּראַך.

די קאָנפערענץ האָט אויך דורכגעפירט אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. אין ראַ־יאָן-קאָמיטעט אין האָמעל איז אויסגעקליבן געוואָרן אויך ראַשקעס (ווי אַ טעכ־ניקער). די איבעריקע חברים האָבן מיר באַדאַרפט קאָאָפּטירן אין האָמעל.

צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ בין איך געקומען פון האָמעל, נאָך דעם ווי איך האָב שוין אין ראַיאָן געאַרבעט אַ געוויסע צייט.

בשעת מיין אַנקומען קיין האָמעל האָב איך דאָרט שוין געפונען אַ גאַנץ גרויסע אָרגאַניזאַציע, לערך פון אַ 150 מענטשן, וואָס האָט דאָ שוין פריער אונטערן נאָמען „פועלי ציון" עקסיסטירט אַ פּאָר יאָר, מיט אַ פאַרגאַנגענהייט און אַ געווי־סער טראַדיציע. אייניקע חברים פון די האָמלער „פּועלי־ציון" האָבן שוין אפילו פאַר דעם עמיגרירט קיין ארץ־ישראל און דאָרט געוואָרן פון די טיכטיקסטע אָנהוי־בער פון דער א"י־אַרבעטער־באַוועגונג.

בראש פון דער אָרגאַניזאַציע אין האָמעל איז דאַן געשטאַנען ד ו ד ל ע וו י ן, מיט וועמען איך בין שוין געווען פערזענלעך באַקאַנט פון דער צייט פון האָמלער פּאָגראָם. ביי מיין אָנקומען קיין האָמעל האָב איך אים אָבער שוין ניט געפונען.

דער צווייטער טוער פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען דער זייער פּאָפּולערער צווישן די געוועזענע פּ"צ א ל ט ע ר מ א כ נ אָ וו י ט ש, שוין ניט קיין יונגער, מן הסתם דאַן איבער די דרייסיקער, אַ כראָניש קראַנקער אויף טובערקולאָז, לויטן פאַך אַ פאַרבער. צו אַרבעט איז ער אָבער געקומען פון דער ישיבה, צוליב איבער־צייגונג אין דער נויטיקייט און מענטשלעכן ווערט פון אַרבעט. ניט קיין וווּנדער, וואָס ער איז געווען אַזוי באַליבט — אַ מער גוטמוטיקן מענטשן איז זיך שווער פאָרצושטעלן. ער פלעגט כסדר צוהוסטן, שטענדיק אַ געפערלעכער חולה, אָבער זיינע ווייכע קלוגע אויגן האָבן אויסגעדריקט רו און פריינטלעכקייט. צום לעצטן מאָל אין לעבן האָב איך אים באַגעגנט מיט 12 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1917, און עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך גאָר ווייניק געענדערט.

מאַכנאָוויטש איז געווען די פּאַרקערפּערונג פון די טראַדיציעס פון דער אָר־גאַניזאַציע, אָבער די אָרגאַניזאַציע האָט אים אַזוי ווי איבערגעוואַקסן, אויסגעקוקט אויף נייע פירער.

די חברים זיינען, ווי אין אַלע אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, באַשטאַנען פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן און האַלב־אינטעליגענץ, זייער אַ סימפּאַטישער און רירעוודיקער.

אין אַלגעמיין איז אונדזער אָרגאַניזאַציע געווען אַזוי ווי פאַרשטויסן פון שטראָם פון אָרטיקן לעבן און האָט כמעט ניט פאַרמאָגט קיין פאַרבינדונג מיט דער „געזעלשאַפט". פון די ציוניסטן האָט מען זיך שוין דאַן געווען אָפּגעריסן אינ־גאַנצן, גייסטיק און אָרגאַניזאַציאָנעל איז מען פון זיי געווען אָפּגעצוימט.

האָמעל האָט פאַרמאָגט דאַן אַ גרויסע יידישע רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אינ־טעליגענץ, אָבער זי האָט סימפּאַטיזירט און איז געווען פאַרבונדן מיט „איסקראַ", ס"ר און דעם „בונד", וועלכער האָט אין האָמעל געהאַט אַ גלענצנדיקע אָרגאַני־זאַציע, ווו עס האָבן געאַרבעט גוטע אינטעליגענטן — ווירגילי (ברוך כהן), „סע־מיאָן" און וולאַדימיר (שטשופּאַק). די באַציונג צו אונדז פון דער אינטעליגענץ און פון די איבעריקע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס (אויסער אפשר די ס"ר) איז געווען פון אויבן אַראָפּ.

איך בין צוגעטראָטן צו פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזאַציע. ראַשקעס און איך האָבן צום ראַיאָן־קאָמיטעט קאָאָפּטירט דעם חבר קאַנגלאָ, אַ זעצער, איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע און ליכטיקסטע טיפּן, וואָס די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַרויסגעבראַכט. אַ קלייניקער, לויטן אויסזען אַ יינגל פון אַ יאָר 15—16,

האָט ער געהאַט אַ טבע כמעט קיינמאָל ניט ריידן. ער פלעגט זיך מיט אונדז פאַר־שטענדיקן אויפן ווינק און בשעת הדחק מיט האַלבע ווערטער. ער איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער קאָנספּיראַטאָר און פּראַקטישער טוער. מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן „קאַנגלאַ" צוליב דעם, ווייל ער איז איין מאָל געקומען צו לויפן צו דוד לעווינען און האָט אויסגעשריען: „קאַנגלאָמעראַט". ער האָט ערגעץ-ווו געהערט דאָס וואָרט, וואָס האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. מען האָט דאָס וואָרט פאַרקירצט און עס האָט זיך באַקומען דער נאָמען „קאַנגלאַ" (זיין ריכ־טיקן נאָמען — י. אויפּריכטיק — האָט מען כמעט ווי פאַרגעסן). זיין פולער צונעמעניש האָט געלויטעט: „קאַנגלאָמעראַט לינגוויסטיקאָוו מאַק-מאַגאָן". ווי אַזוי דער דאָזיקער נאָמען איז אויסגעוואַקסן, געדענק איך שוין ניט.

מען האָט געמוזט צוטרעטן צו דער אַרבעט. מיר האָבן אָבער ניט פאַרמאָגט קיין איין געדרוקטע שורה, וואָס מען זאָל קענען פאַרלייגן דער מאַסע. איך גלויב ניט, אַז ערגעץ-ווו זאָל עקסיסטירן נאָך אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל זיך האָבן געפונען אין אַזאַ לאַגע. קיין איין טעאָרעטישער געדאַנק איז שריפטלעך ניט געווען פאָרמולירט. אַלץ איז געווען תורה שבעל פה.

די אַרבעט פון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע איז דעריבער געווען זייער אַ שווערע און קאָמפּליצירטע. ס'האָט זיך ביי אַזוינע באַדינגונגען געפאָדערט גרויס אָנשטרענגונג און פיל מוט, כדי ניט נאָר צו פאַרטיידיקן די אייגענע פּאָזיציעס, נאָר אויך אַטאַקירן די אַלטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און קודם כל דעם „בונד"... ס'איז אויסגעקומען פיל צו גריבלען זיך אין סטאַטיסטיק. איך האָב שוין דאַן גע־מאַכט דעם פּרווו צו סיסטעמאַטיזירן דאָס ביסל ציפריש-מאַטעריאַל, וואָס עס האָבן געבראַכט די באַרימטע סטאַטיסטישע זאַמלביכער פון יק"א, און צונויפגע־קליבן אַלץ, וואָס איז אין דעם פּרט געווען פונאַנדערגעוואָרפן אין דער יידיש־רוסישער זשורנאַליסטיק. אין אַ יאָר אַרום האָב איך עס אויסגענוצט אין דער בראָ־שור „אונדזערע קריטיקער". ווי אָרעם דער דאָזיקער מאַטעריאַל איז ניט געווען, פלעגט ער דאָך אין יענער תקופה מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק. מען האָט געגאַרט נאָך אַ וואָרט, וואָס זאָל אויף דער שפּראַך פון הערשנדיקן מאַרקסיזם אויפקלערן די דערשיינונגען פון יידישן לעבן. דאָס, וואָס די דאָזיקע דיסקוסיעס זיינען פאַר־געקומען אין אַ צייט פון רעוואָלוציע, האָט נאָר אונטערגעשטראָכן די סתירות פון יידישן לעבן. עס איז אין דעם געווען אַ גרימאַסע פון דער יידישער געשיכטע. אין תוך אָבער האָט דווקא די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, די פאַרשאַרפטקייט פון באַנע־מען סאָציאַלע פּראָבלעמען, די אויפגעוואַכטקייט פון די מאַסן מיט אַ סטיכישער קראַפט געוועקט דעם אינטערעס צו די טעאָרעטישע פּראָבלעמען פון דעם יידישן קיום. דאָס טעאָרעטישע אויסלעבן זיך איז דאַן געווען אַן ענין פאַר זיך, אַ וויכטיקער און טיף-ערנסטער פאַר גרויסע טיילן פון די יידישע מאַסן.

אין מיין זכרון, פון די איבערלעבונגען פון יענער צייט, איז ביי מיר געבליבן דער איינדרוק, אַז אונדזערע הויפּט-געגנער, די בונדיסטן, זיינען ניט געווען בכוח ווי געהעריק צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד אונדזער טעאָרעטישן אימפּעט, אונדזערע מאַ־טעריאַליסטיש-סטאַטיסטישע באַווייזן, זיי האָבן זיך געפונען אַזוי ווי אין אַ דע־פענסיווע. נאַטירלעך, זיינען זייערע אָרגאַניזאַציעס כמעט אומעטום געווען שטאַר־

קער, זיי האָבן פארמאָגט א ליטעראטור, א פארבינדונג מיט דער רוסלענדער סאָ־ציאל-דעמאָקראטיע און וועלט-פראָלעטאריאט, שטארקערע וואָרצלען אין דער רע־וואָלוציאָנערער יידישער אינטעליגענץ, — דאָס אלץ האָט, בפרט אין יאָרן פון רע־וואָלוציע, זיי געמוזט געבן אַן איבערוואָג קעגן אונדז. אויפן ריין יידישן באָדן אָבער, אויפן פלאַך פון די פּראָבלעמען פון דעם יידישן ארבעטער, אין די אומ־צייליקע דיסקוסיעס, וואָס האָבן זיך געפירט מיט אזא פארביטערטקייט און ענער־גיע אויף אלע „בירזשעס" פון מערב-רוסלאנד, — איז דער אטאקירנדיקער צד גע־ווען ס"ס.

דאָס זעלבע איז נאטירלעך אויך פאָרגעקומען אין האָמעל. די בירזשעס פון „בונד" און ס"ס האָבן זיך געפונען אויף די קעגנזייטיקע טראָטוארן פון דער קוז־ניעטשסנע גאַס. אָן אן אויפהער, בייז און טראגיש-ערנסט האָט אין משך פון א פּאָר רעוואָלוציאָנערע יאָרן זיך דאָרט געצויגן א וויכוח איבער דעם גורל פון יידישן פאָלק און די מזלות פון יידישן סאָציאליזם.

די אָרגאניזאציע איז כסדר געוואקסן און עס האָבן געפעלט כוחות צו אָר־גאניזירן די באוועגונג. האָמעל איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין אַנדזערע רייען. כמעט יעדן טאָג פלעגן אָנקומען דעלעגאטן פון פארשיידענע שטעט און שטעט־לעך און זיך ממש בעטן רחמים, מען זאָל קומען זיי אָרגאניזירן. די ערשטע פּאָ־דערונג איז געווען צו קומען צו זיי און איבערלייענען א רעפעראט, ריכטיקער דעם רעפעראט, פּראָקלאמירן כאָטש בעל פה די נייע תורה פון ס"ס. די דאָ־זיקע ארבעט איז אין יענער צייט אינגאנצן געלעגן אויף מיינע פּלייצעס. פאר די 9 חדשים, וואָס איך האָב אָנגעפירט מיטן ליטוויש-האָמלער ראיאָן, דערמאן איך זיך בלויז איין אָוונט, ווען איך בין געווען פריי פון א רעפעראט און פון ריידן. חוץ דעם פּראָפּאגאנדיסטישן ווערט האָבן די רעפעראטן פאר אונדזערע אָרגאניזאציעס געהאט אויך א פינאנציעלן באדייט. אונדזערע אָרגאניזאציעס זיינען געווען אָרעם. פון דער רייכערער געזעלשאפט (ווי דאָס איז געווען דער פאל מיט אנדערע רעוואָ־לוציאָנערע אָרגאניזאציעס) פלעגן מיר גאָרניט אָדער כמעט גאָרניט באקומען. די געצאָלטע רעפעראטן (אומלעגאלע), וואָס איך פלעג לייענען, זיינען געווען כמעט דער וויכטיקסטער מקור פון הכנסה. שפּעטער, ווען עס זיינען צוגעקומען נאָך עטלעכע אינטעליגענטן-„פּראָפעסיאָנאלן" פון אויסלאנד, פלעגט מען מיט אומ־געדולד וואַרטן אויף מיין קומען פון דער פּראָווינץ און פון די פּאָר צענדליק רובל, וואָס איך פלעג מיט זיך געוויינטלעך ברענגען, פלעגט מען מיט א פּאָר רובל „אָנ־זעטיקן" יעדן חבר.

פון די שטעט, וואָס איך האָב אין יענעם זומער באזוכט (אייניקע פון זיי ניט איין מאָל), דערמאן איך זיך: ווילנע, דווינסק, מינסק, באָברויסק, זשלאָבין, וועטקע, רעזשיצע, נאָוואָזיבקאָוו, סטאראָדוב, ראָמען, ראָגאטשאָוו, מאָהיליאָוו, קאָפּוסט, שקלאָוו און אָרשע. אין אלע שטעט איז פון זיך געוואקסן א גרויסע באוועגונג, יעדע פון זיי איז געווען א צענטער פאר א גאנצער ריי שטעטלעך.

ערשט אין אָנהויב זומער האָבן מיר באקומען די „רויטע דעקלאראציע" (גע־האט א רויטן שער-בלאט), דעם מאניפעסט פון דער נייער פּארטיי. די שמחה איז געווען אין לשער. אין האָמעל איז לכבוד דעם פּאָרגעקומען אפילו א גאסן-מאני־

פעסטאַציע. איך בין אַרומגעפאָרן איבער די ווייכטיקסטע אָרגאַניזאַציעס, ווו עס זיינען פאָרגעקומען ספּעציעלע „מאַסאָווקעס“ לכבוד דער דעקלאַראַציע, דעם ערשטן, אַזוי לאַנג אויסגעקוקטן וואָרט פון דער נייער פּאַרטיי.

מען מוז אָבער מודה זיין, אַז קיין גרויס נוצן האָט די דעקלאַראַציע אונדז ניט געבראַכט. אָנגעשריבן נאָך לאַנגע מאַטערנישן, האָט די מאָגערע דעקלאַראַציע קיין נייעס און קיין קלאָרקייט אין דער באַוועגונג ניט אַריינגעבראַכט. ס'איז אפשר דער מזל פון דער ס"ס-ישער ליטעראַטור בכלל. אויף וויפיל מיר זיינען געווען שטאַרק אין מינדלעכע דיסקוסיעס, אויף אָפענע פאַרזאַמלונגען, — אויף אַזוי פיל איז דאָס געשריבענע וואָרט ביי אונדז אין אַלגעמיין געבליבן הינטערשטעליק און שטענדיק געווען נידעריקער פון גייסטיקן דיאַפּאַזאָן פון דער באַוועגונג.

און די באַוועגונג האָט ניט אויפגעהערט זיך צו אַנטוויקלען, די רעוואָלוציאָנערע שטימונג זיך צו קאָנדענסירן, בפרט אין האָמעל.

עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז האָמעל איז אין יענער תקופה געווען די סאַמע רעוואָלוציאָנערע יידישע שטאָט. גורם געווען צו דעם האָט קודם כל דער מענטשן-מאַטעריאַל. אין משך פון די יאָרן פון מיין רעוואָלוציאָנער-געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט זיך מיר געמאַכט צו קומען אין באַרירונג מיט דעם יידישן אַרבעטער ניט נאָר כמעט אין גאַנצן תחום-המושב פון רוסלאַנד, נאָר אויך ווייט פון אירע דעמאָלטיקע גרענעצן. אין ערגעץ אָבער איז מיר ניט אויסגעקומען צו באַגעגענען אַזאַ אַרבעטער-עלעמענט ווי אין האָמעלער געגנט. דאָ איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר דער כראָנישער טעאָרעטישער גריבלעריי, פאַר די „טעאָרעטישע ספקות“, מיט וועלכע מען האָט כסדר געהאַט צו טון אין אַ דווינסק, ווילנע אָדער מינסק. עס האָט דאָ אָבער אויך ניט געהערשט די לייכטזיניק-גוטמוטיקע שטימונג, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם דרומדיקן יידישן אַרבעטער פון אָדעס אָדער קעשענעוו. עס איז געווען אַ גליקלעכער סינטעז, פון וועלכן עס איז אַרויסגעקומען אַ וווּנדערבאַרער מענטשן-מאַטעריאַל. דעם זומער 1905 האָבן מיר (בפרט, ווען עס איז צוגעקומען מער אינטעליגענץ — פון אויסלאַנד מ א י ר מ י י ז נ ע ר און ר א י ע ר א פּ א פּ א ר ט) ניט אויפגעהערט מיט התמדה צו אַרבעטן טעאָרעטיש אין קרייזלעך, אָבער גלייכצייטיק איז אויך פאָרגעקומען באמת אַ פאַרכאַפּנדיקע מאַסן-אַרבעט.

האָמעל איז אין דער ערשטער העלפט פון זומער 1905 געווען אין מערב-רוסלאַנד (און אפשר ניט נאָר דאָ) די איינציקע שטאָט, וואָס האָט זיך דערוואָרבן פרייהייט פון וואָרט און פאַרזאַמלונגען. אין צענטער שטאָט האָט זיך געפונען דער באַרימטער „ראָי“. עס איז געווען אַ שמאָלער טאָל (אַפּנים אַ געלעגער פון אויסגעטריקנטן טייך), וואָס איז געווען באַוווינט פון דעם סאַמע אָרעמסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער „ראָי“ איז שפּעטער באַשריבן געוואָרן פון טאַן אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ“ און פון שלום אש אין זיין ראָמאַן „מערי“.

די האָמעלער פּאָליציי האָט אין אָנהויב 1905 זיך אָפּגעזאָגט פון איר ממשלה איבער דער דאָזיקער מלוכה פון יידישער נויט און אָרעמקייט (פון דאַנען האָט אויך געשטאַמט אונדזער קאָנגלאָ), און דער „ראָי“ איז אַריבער אין רשות פון דער רעוואָלוציע. דאָרט האָבן מיר אונטערן פרייעם הימל איינגעאָרדנט מיטינגען, אויף

וועלכע עס פלעגן זיך צונויפקומען פיל הונדערטער צוהערער. שוין איבעריק צו זאָגן, אַז די גאַנצע לופט פון „ראַי" איז געווען אָנגעזאַפּט מיט רעוואָלוציע. איך דערמאָן זיך, ווי איין מאָל האָב איך זיך אומגעקערט פון אַ מיטינג. ביי אַן אָרעם הייזל איז געזעסן אַן אויסגעשעפּט-קרענקלעכע פרוי מיט אַ יינגעלע אויף דער האַנט. מעכאַניש, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל, כדי עפּעס צו זאָגן, האָב איך זיך צו דער פרוי געווענדט: ווער וואָלט איר וועלן זאָל אויסוואַקסן אייער זון? — אַן אָראַטאָר, האָט ניט טראַכטנדיק געענטפערט די פרוי.

דער שם פון „ראַי" און זיינע באַרימטע מיטינגען איז דערגאַנגען דאַן זייער וויט. פון פאַרשיידענע שטעט פלעגט מען ספּעציעל קומען קיין האָמעל אָנצוקוקן, וואָס דאָ טוט זיך, און צו אָטעמען מיט עכטער רעוואָלוציאָנערער לופט.

דער טעמפּ און פאַרנעם פון דער אַרבעט האָט פאָרט געפאָדערט אַ געדרוקט וואָרט און דער ראַיאָן־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַן אייגענע אומלעגאַלע דרוקעריי. דער ח' קאַנגלאָ האָט אַ מאַך געטאָן, לויט זיין שטייגער, מיט די אויגן, עפּעס אַ מורמל געטאָן, און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס וועט זיין גוט. קויפן שריפט איז ניט געווען ווו, און מיר האָבן פאַר דעם אויך די נויטיקע מיטלען ניט געהאַט. האָבן די חברים זעצער (אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע גרופּע דרוק-אַרבעטער) שריפט פּשוט „גענומען" פון די דרוקערייען, ווו זיי האָבן געאַרבעט. אויף אַזאַ אופן איז גאָר גיך אויפגעשטעלט געוואָרן די דרוקעריי, וואָס איז שוין צוליב דעם אַליין (קיין יידישע דרוקערייען זיינען, דוכט זיך, דאַן אין האָמעל בכלל ניט געווען) געווען אַ רוסישע. הגם מיר זיינען געווען פּרינציפּיעלע יידישיסטן איידער דאָס וואָרט האָט נאָך אפילו עקסיסטירט, אָבער דעמאָלט האָט מען אין דעם פּרט ניט שטאַרק מקפּיד געווען, בפרט אין האָמעל האָט דער עולם גוט פאַרשטאַנען רוסיש.

חוץ פּראָקלאַמאַציעס, וואָס מיר האָבן אַרויסגעלאָזן אין אַ גרויסער צאָל, איז מען צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אַ פּעריאָדישן אָרגאַן אונטערן קעפּל: „ביולעטען פון האָמלער קאָמיטעט פון ס"ם". בסך הכל זיינען אַרויס 4 נומערן. חוץ איין אַרטיקל פון מיכאל ראַשקעסן, זיינען זיי געווען געשריבן אויסשליסלעך פון מיר. הגם אין דער אָרגאַניזאַציע איז שנעל געוואַקסן די צאָל פון יונגער אינטעליגענץ (צווישן זיי דער באַגאַבטער גימנאַזיסט עווענטאָוו, שפּעטער פאַרשיקט קיין סיביר), אָבער אַלץ האָט זיך נאָך געפונען אין צושטאַנד פון ווערן און קיין „פּאַרטיקע" אַזוי צו זאָגן אינטעליגענץ האָבן מיר דאָ נאָך ניט פאַרמאָגט.

***

די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָבער ניט געקענט באַפרידיקן מיט דער דאָזיקער אַרבעט. זיי האָבן געפאָדערט רעוואָלוציאָנערע מעשים.

עס איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ גרויסע און אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע אין צענטער פון שטאָט. דער טערמין איז אויסגעקליבן געוואָרן דער 9-טער יולי, צום האַלבן יאָרצייט פון „9-טן יאַנואַר".

מען האָט זיך פיבערהאַפט אָנגעהויבן צו גרייטן. עס זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מ'האָט באַטראַכט די מינדסטע פּרטים. דער

עולם איז געווען עקזאַלטירט און האָט געוואָלט „ב ר ע נ ג ע ן  ק ר ב נ ו ת“...
אונטערן דרוק „פון אונטן“ איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די דעמאָנסטראַציע מוז זיין
אַ באַוואָפנטע, אַז זי מוז שטעלן דער פּאָליציי אַן אָפענעם ווידערשטאַנד. אין האָ־
מעל איז אין יענער צייט די רעוואָלוציאָנערע שטימונג שוין געווען אַזאַ, אַז דאָס
האָט זיך אויסגעוויזן פאַר נאַטירלעך.

מען האָט אָנגעהויבן צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די איבעריקע רעוואָ-
לוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס — „בונד“, ס״ד און ס״ר. די ס״ר האָבן מסכים געווען
אויף אַ געמיינזאַמער אַקציע, אָבער דער „בונד“ און אונטער זיין ווירקונג אויך די
ס״ד, האָבן זיך פון דעם אָפּגעזאָגט.  זיך צו פאַרבינדן נאָר מיט דער קליינער
ס״ר-ישער אָרגאַניזאַציע איז ניט געווען כדאי. די אונטערהאַנדלונגען זיינען איבער־
געריסן געוואָרן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוטרעטן זעלבשטענדיק.

די גאַנצע אָרגאַניזאַציע האָט געלעבט אַזוי ווי אין פיבער. דער „באָיעוואָי
אָטריאַד“ איז געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג, מען האָט צוגעצויגן „רעזערוון“ פון
די נאָענטע שטעטלעך וועטקע און זשלאָבין, וואָס האָבן געהאַט אַ שם מיט זייערע
וווקסיקע, געזונטע „יאַטן“. צוזאַמען האָט געמוזט זיין ביז 70 באַוואָפנטע חברים,
אָבער טאַקע איינער אין איינעם. דער זעלבער עלעמענט האָט אין 1903 אַרויסגע-
שטעלט די ערשטע זעלבספאַרטיידיקונג. עס האָט זיך געבילדעט אַ סאַניטאַרע אָפּ-
טיילונג. בראש פון איר איז געשטאַנען די ח-טע ר א י ע  ר א פּ א פּ א ר ט, אַ
סטודענטקע פון מעדיציניש פאַקולטעט.

די „סכאָדקעס“, די „צענטראַלע סכאָדקע“ און דער קאָמיטעט האָבן איינשטי־
מיק באַשלאָסן, אַז איך טאָר אין דער דעמאָנסטראַציע ניט נעמען קיין אָנטייל.
מאָטיווירט איז דאָס געווען קודם כל מיט טעמים פון קאָנספּיראַציע (מיך האָט גע-
קענט כמעט די גאַנצע שטאָט), און צווייטנס האָט מען געהאַלטן, אַז איך בין
נויטיק פאַר דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ניט געוואָלט ריסקירן מיט מיין וואַר־
שיינלעכן אַרעסט. איך האָב געמוזט מסכים זיין מיט דעם, און עס איז געבליבן,
אַז אַ רעדנער פאַר דער דעמאָנסטראַציע מוז מען ברענגען פון אַן אַנדער שטאָט.

איך האָב אַראָפּגעבראַכט פון מינסק דעם ח׳ י ש ר א ל  י ע פ ר ו י ק י ן,
וואָס האָט דאַן אַ קורצע צייט געאַרבעט אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע פון ס״ס.

אין טאָג פון דער דעמאָנסטראַציע בין איך צוזאַמען מיט יעפרויקינען אַרומ-
געגאַנגען איבער אַלע קאָנספּיראַטיווע וווינונגען, ווו עס זיינען געווען קאָנצענטרירט
טיילן פון „באָיעוואָי אָטריאַד“ און אַנדערע חברים. איך האָב גערעדט פאַר די
חברים און זיי אויפגעמונטערט צום קאַמף. צוגעבן מוט דער חברה האָט מען אייגנ־
טלעך ניט באַדאַרפט, פאַרקערט, זייער שטימונג האָט זיך איבערגעגעבן מיר. צום
סוף האָב איך דערקלערט דער „צענטראַלער סכאָדקע“, אַז איך געפין ניט פאַר
מעגלעך צו בלייבן אין דער היים און אַז איך וועל אָנטיילנעמען אין דער דעמאָנ-
סטראַציע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל, פּראָטעסטן. מען האָט מיך באַשולדיקט,
אַז איך ברעך די דיסציפּלין אא״וו. אַז איך האָב אָבער קאַטעגאָריש דערקלערט,
אַז פאַר מיר איז עס אַ העכערע פראַגע, אַ מאָראַליש-רעוואָלוציאָנערע, האָט מען
זיך סוף כל סוף באַרויקט און אייניקע פון די חברים האָבן מיך אַפילו באַגריסט.

דער פאַרלויף פון דער דעמאָנסטראַציע איז געווען אַן אימפּאָזאַנטער. דער

עולם האָט זיך שנעל צונויפגעזאַמלט פון אַלע זייטן און עס האָט זיך אויסגעבילדעט א מאַסע פון א גוטע פּאָר הונדערט מענטשן. פון פאָרנט און פון הינטן, אין „אוואַנ־גאַרד" און „אַריערגאַרד" האָט זיך געפונען דער „באַיעוואָי אָטריאַד".

אַרום האָט געהערשט א טויט שטילשווייגן. פון קיינעם ניט געשטערט זיינען מיר מיט איינער פון די קווערגאַסן דערגאַנגען ביז צו דער הויפּטגאַס, דער רו־מיאַנצעווסקאַיאַ. דאָרט האָט מען אויף די הענט אויפגעהויבן יעפּרויקינען, און ער האָט געהאַלטן א רעדע. די רעדע איז שוין געווען געענדיקט, ווייל „פּראָגראַם" האָט שוין לאַנג באַדאַרפט אָנקומען פּאָליציי, אפשר אויך מיליטער, אָבער אַרום אונדז איז אַלץ נאָך געווען שטיל.

מיר האָבן זיך אומגעקערט מיט דער זעלבער גאַס, מאַכנדיק פאַרשיידענע גע־העריקע אויסרופן. מען האָט שוין געהאַלטן ביי פונאַנדערגיין זיך, אָבער דאָ האָט אויף א דראָזשקע, אָנגעטאָן אין א העל־ווייסן קיטל, זיך באַוויזן דער גוט־באַקאַנטער נאַדזיראַטעל סוואָלאָסעוויטש, וואָס האָט געהאַט א שם פון א פאַרפאָלגער פון רעוואָלוציאָנערן. ער איז אַרויס פון דראָזשקע און זיך שנעל צו אונדז דערנעענטערט. פון עולם האָט מען אים דערלאַנגט א פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז געווען אַרויסגעגעבן ספּעציעל פאַר דער דעמאָנסטראַציע. ער האָט עפּעס גע־זאָגט, אָבער איך האָב ניט געהערט וואָס. עס זאָלן (ווי מען האָט שפּעטער איבער־געגעבן) זיין זידלווערטער. פון גאַר נאָענט האָט זיך דערהערט א שאָס, און סוואָלאָ־סעוויטש איז א טויט־פאַרוווּנדעטער געפאַלן אויף דער ערד און איז גלייך גע־שטאָרבן. דער עולם האָט אַרויסגענומען די רעוואָלווערן און האָט אָנגעהויבן שיסן אין דער הויך...

די דעמאָנסטראַציע איז געוואָרן פונאַנדערגעלאָזן. א טייל חברים אויף א נאָענטער גאַס האָט זיך באַגעגנט מיט קאָזאַקן, וואָס זיינען סוף כל סוף אָנגעגע־קומען. די ח־טע ראַיע ראַפּאָפּאָרט האָט אויפן אָרט, אויף א הויף, איבערגעבונדן די האַנט א חבר, וועמען עס האָט געטראָפן א קויל פון א קאָזאַק. די איבעריקע פּרטים געדענק איך שוין איצט ניט.

איך און יעפּרויקין זיינען אַוועק צוזאַמען. איך דערמאָן זיך, ווי מיר זיינען דורכגעגאַנגען א הויף פון א קלויסטער, איבערגעקראָכן איבערן פּאַרקאַן און אַריין דערנאָך אין א פרעמד הויז. עס איז געווען א הייסער, שטויביקער יולי־טאָג, און מיר האָבן קודם כל געבעטן אונדז צו געבן וואַסער זיך אַרומצוואַשן. די אומבאַ־קאַנטע בעלי־הבתים האָבן דאָס גערן געטאָן. מיר האָבן זיך אָפּגערוט און דערנאָך (אויב איך האָב ניט קיין טעות) איבערגענעכטיקט אין א האָטעל.

אויף מאָרגן זיינען מיר ביידע אַוועקגעפאָרן מיט א דאַמפּער קיין טשאָנסקי, א דאַטשע־אָרט ביי האָמעל. דאָ האָט שטענדיק געוווינט דער העברעישער שרייבער מרדכי בן הלל הכהן, ביי וועמען עס זיינען געווען צו גאַסט אחד־העם און שמעון דובנאָוו. מיר האָבן דאָרט פאַרבראַכט דעם טאָג. אָוונט זיינען מיר געקומען צוריק קיין האָמעל. איך האָב באַגלייט יעפּרויקינען צו דער באַן און אַליין פאַרבליבן אין האָמעל. די פּאָליציי האָט אונדז ניט באַאומרויקט און קיין שום אַרעסטן זיינען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַשריבענער דעמאָנסטראַציע ניט פאָרגעקומען.

דערפאַר האָט זיך אָבער אינגיכן אינגאַנצן געענדערט דער פּאָליציייאישער רעזשים אין האָמעל. מען האָט פון ראָהאָטשאָוו, דוכט זיך, אַראָפּגעבראַכט אַ נייעם פּאָליצמייסטער כּ ל ע ב נ י ק אָ ו ו, וועמעס אויפגאַבע איז געווען צו מאַכן אָרדע־נונג אין האָמעל און צונעמען ביי אונדז די „דערוואָרבענע פּריוויליגיעס". די פּאָליציי איז געוואָרן אַקטיווער און האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן אפילו אין „ראַי"... דער רעוואָלוציאָנערער האָמעל האָט עס באַנומען ווי די גרעסטע העזה און אַטענטאַט אויף זיינע רעכט. איך געדענק שוין איצט ניט ווי אַזוי, אָבער אין דער אָרגאַניזאַ־ציע, „פון אונטן", איז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז מען מוז „אָפּריינמקן" כּלעב־ניקאָוון... הגם אין אונדזער טאַקטיק (ווי אויך אידעאָלאָגיש) האָבן מיר זיך גע־האַלטן פאַר שטרענגע ס"ד, אָבער דער קאָמיטעט האָט דעם געדאַנק אַקצעפּטירט. מען האָט געהאַלטן, אַז מען געפינט זיך שוין אין דער תקופה פון מאַסן-אַרויסטרע־טונגען קעגן דער זעלבסטהערשונג און אַז דער אַקט קעגן כּלעבניקאָוון וועט אויפ־גענומען ווערן ווי אַ באַווייז פון דער רייפקייט פון דער רעוואָלוציע איבערצייגיין צו אַ דעציזירטן, באַוואָפנטן קאַמף.

מיר האָבן אַרויסגעשיקט ערגעץ-ווייט אַ חבר פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַדאַרפט דערגיין פון די ס"ר, ווי אַזוי מען מאַכט באָמבעס. דער חבר האָט זיך אומגעקערט מיט אַ פּאָזיטיווער תשובה, און מיר האָבן געגרינדעט אין האָמעל אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר אויסאַרבעטן באָמבעס. די סיסטעם פון די דאָזיקע באָמ־בעס איז געווען אַ פּרימיטיווע. אין די נאָענטסטע קרייזן פון דער אָרגאַניזאַציע האָט מען געוווסט וועגן דעם געפּלאַנטן אַטענטאַט און חברים פלעגן צו מיר קומען און ממש מיט טרערן אויף די אויגן זיך פאַרצולייגן פאַר אַ „קרבן" ביים אומברענגען כּלעבניקאָוון... אויסגעקליבן איז געוואָרן צו וואַרפן די באָמבע לייב עווענטאָוו (ניט דער גימנאַזיסט, וואָס איז שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן קיין סי־ביר). צו קיין אַטענטאַט איז ניט דערגאַנגען. ניט איין מאָל בין איך געזעסן און געוואַרט, צי לאָזט זיך שוין ניט הערן דער אויפרייס, אָבער כּלעבניקאָוו האָט זיך גוט אויסגעהיט און איבער דער שטאָט פלעגט ער פאָרן אַרומגערינגלט פון אַ גרויסער סוויטע קאָזאַקן.

געענדיקט האָט זיך דער גאַנצער ענין מיט דעם, אַז לייב עווענטאָוו (שוין נאָך מיין אָפּפאָרן פון האָמעל) איז אויפגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט דער לאַבאָראַ־טאָריע.

***

די ס"ס אין האָמעל האָבן אַריינגעצויגן אין זייערע רייען אַלע געוועזענע „פּועלי-ציון", קיין אָנהענגער פון פּאַלעסטינע זיינען ניט פאַרבליבן. די סיימיסטן האָבן אויך ניט באַוויזן דאָ צו גרינדן אַ קערנדל פון זייער באַוועגונג, ניט געקוקט אויף די באַמיונגען פון יהודה נאָוואַקאָווסקי („ירמיהו").

בשעת דער ה' נאָוואַקאָווסקי איז געקומען צו אונדז, האָט ער אונדז אָפיציעל איבערגעגעבן, אַז אין צ"ק זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען וועגן „סיים" — אַ מערהייט קעגן און אַ מינדערהייט פאַר — און דעריבער איז אָפיציעל באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן אין דער פּאַרטיי אַ דיסקוסיע וועגן דער פראַגע.

אין האָמעל איז אפילו פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע-פאַרזאַמלונג, ווו נאָוואַקאָוו־סקי איז אַרויסגעטראָטן מיט דער נייער „סיימיסטישער" באַגרינדונג און איך קעגן דעם.

פון האָמעל איז נאָוואַקאָווסקי אַוועקגעפאָרן קיין מינסק. דער נייער צ"ק האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט און ח' יאָפע איז ספּעציעל געקומען צו אונדזער ר"ק, כדי אונדז איבערצוגעבן, אַז די גאַנצע מעשה איז לא דובים ולא יער, אַז דער צ"ק האָט גאָר קיינמאָל בדעה ניט געהאַט די פראַגע צו שטעלן צו אַ דיסקוסיע. איך האָב באַקומען דעם באַפעל איבערצורייסן די דיסקוסיע אין איר סאַמע התחלה.

***

די מינסקער גרופּקע פון „סיימיסטן" איז געווען אין אונדזער ראַיאָן די איינציקע. אין ליטע האָבן מיר אין יאָר 1905 מיט די סיימיסטן געהאַט גאָר ווייניק צו טון. דער שווער־פּונקט פון דעם אידעישן קאַמף איז געלעגן אין דער מחלקה צווישן אונדז און דעם „בונד". שווער זיך פאָרצושטעלן נאָך אַזאַ צייט, ווען אידעאָלאָגישע און טעאָרעטישע קאַמפן זאָלן האָבן אַזאַ לעבעדיקן אינטע־רעס פאַר מאַסן, ווי אין יענער תקופה.

פון די ציוניסטן זיינען מיר, ווי שוין געזאָגט, געווען אינגאַנצן „אָפּגע־ריסן". פאַרטון אין דער רעוואָלוציע, האָבן מיר גלייכצייטיק אונדזערע גאַנצע כוחות געמוזט אָפּגעבן דער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי, וואָס איז געוואַקסן אָן אַן אויפהער. עס האָבן געפעלט כוחות אויפצוקלייבן דאָס, וואָס האָט זיך צו אונדז כסדר געווענדט.

אונדזער טעריטאָריאַליסטישע אַרבעט האָט זיך באַגרענעצט מיט דעם, וואָס מיר האָבן געקליבן דעלעגאַטן צום זיבעטן קאָנגרעס אין באַזעל, וואָס האָט באַ־דאַרפט אַנטשיידן דעם קאַמף צווישן די יאָ-זאָגער און די ניין-זאָגער בנוגע אוגאַנדע. איך האָב אויך באַדאַרפט פאָרן קיין באַזעל, אָבער ווי אַזוי לאָזט מען די רעוואָלוציע אין איר סאַמע ברען? איז געבליבן, אַז איך מוז פאַרבלייבן אויפן פּלאַץ. גאָר קיין ספק ניט, אַז צוליב דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט זיינען די ס"ס ניט געווען בכוח אויסצונוצן זייער צאָל און ווירקונג אויפן זיבעטן ציוניס־טישן קאָנגרעס.

***

מיין אַרבעט אין האָמעל האָט געדויערט ביז צום סוף זומער 1905, ווען מען האָט מיך אָפּגערופן קיין ווילנע. מיין אָרט אין האָמעל האָט פאַרנומען דער חבר סעמיאָן (סלאָנים).

ער האָט אויך פאַרנומען מיין דירה. און וועגן איר ווילט זיך צום סוף פון מיינע זכרונות וועגן האָמעל צוגעבן אַ פּאָר ווערטער. די גאַנצע צייט (חוץ ווען איך פלעג זיך אויסבאַהאַלטן) האָב איך געוווינט אויף איין דירה ביי איינעם אַ זעצער ב י ר ב ר ו י ע ר. דאָס הויז האָט אָבער געפירט זיין פרוי, אַ הויכע, אַ

קרענקלעכע. זי פלעגט דאָס צימער פארדינגען נאָר רעוואָלוציאָנערן און געווען פאַר זיי ווי אַן אמתע איבערגעגעבענע מאַמע.

דאָס „צימער" אַליין איז באַשטאַנען פון אַ קאָרידאָר, וועלכער איז געווען אָפּגעצוימט מיט אַ ווענטל פון ברעטער, וואָס איז ניט דערגאַנגען ביז צום סופית.

אין מיטן איז געשטאַנען אַ קליין טישל, פון ביידע זייטן צוויי „קושעטקעס", שמאָלע ליטווישע טאַפּטשאַנעס, אָנגעשטאָפּט מיט אַביסל שטרוי. אויף איינעם פלעג איך שלאָפן, אָבער דער צווייטער איז אויך זעלטן ווען געווען פריי און גאָר אָפט פלעגט נאָך אין מיטן, אויף דער פאָדלאָגע, שלאָפן אַ דריטער חבר.

געצאָלט האָב איך 3 רובל און 50 קאָפּ. אַ חודש. פאַר דעם פרייז האָט אונדז שוין די בעל-הביתטע געקאָכט מיטאָג אויף מיין חשבון, גערעכנט נאָר די קאָסטן פון די איינגעקויפטע פראָדוקטן. אַ מיטאָג פלעגט אויסטראָגן 9—10 קאָפּ. זעלטן אָבער פלעג איך עסן אַליין. פון דער פּראָווינץ פלעגן כסדר קומען חברים. אונדזער בעל-הביתטע פלעגט אַלעמען צונעמען מיט פרייד. — אין וואָס גייט עס? זופּ ווערט שטענדיק סטאַיען, גיסט מען צו נאָך אַביסל וואַסער, און מען שיקט נאָך „קאָלבאַס"...

די מיטאָגן ביי דער פרוי בירברויער האָבן געהאַט אַ נאָמען אין דער פּאַרטיי. די איבעריקע האָמלער „פּראָפעסיאָנאַלן" האָבן מיר שטענדיק מקנא געווען, ביז וואַנען איך האָב זיי פאַרגעלייגט צו עסן מיטאָג צוזאַמען. זיי האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט און מיין בעל-הביתטע איז אויך געווען מלא שמחה. באמת, וואָס איז די נפקא מינה, וועלן נאָך אַ פּאָר מענטשן עסן...

אין קליינעם הייזל פון זעצער בירברויער זיינען דורכגעגאַנגען זייער אַ סך טוער פון דער נייער פּאַרטיי, ווייל האָמעל איז דאָך געווען נאָר אַ טייל פון דער אַרבעט, וואָס איז פון דאַנען אָנגעפירט געוואָרן אין זומער 1905. אפשר וועט אויסקומען אַן אַנדערש מאָל ווענן דעם צו שרייבן ברייטער. זאָלן דאָס מאָל מיט דעם ווערן פאַרענדיקט די זכרונות, ווי אַזוי עס איז ביי אונדז געווען, „געלעבט און געקעמפט" (ווי מיר פלעגן ליב האָבן אַמאָל צו זאָגן) אין האָמעל אין יאָר 1905.

# אויפרוף צו דער יידישער יוגנט *)

## אויסגאַבע פון ציוניסטן-סאָציאַליסטן, לאָנדאָן 1901.

מיט יעדן יאָר פאַרשטאַרקט זיך און פאַרשאַרפט זיך די היסטאָרישע יידישע אונטערדריקונג. פּאָגראָמען מאַסן-גירושים, רדיפות אויפן וועג פון געזעצגעבונג און געזעלשאַפטלעכער באָיקאָט זיינען געוואָרן געוויינטלעכע דערשיינונגען אין יידישן לעבן. די מענטשלעכע ווערדע פון דעם יידן ווערט אומעטום מיט די פיס נעטראָטן.

די אַלגעמיינע און, בכן, די ווייטע סיבה פון דער היסטאָרישער יידישער אונטערדריקונג, ווי די סיבה פון אַלע מענטשלעכע אונטערדריקונגען בכלל, ליגט אין דער ניט־ריכטיקער פונאַנדערטיילונג פון פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קרעפטן צווישן מענטשן, ד. ה. אין דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון דער געזעלשאַפט. אָבער די ספּעציפישע און נאָענטסטע סיבות פון דער יידישער אונטערדריקונג ליגן אין דער רעכטלאָזיקייט און סאָציאַל-פּאָליטישער מאַכטלאָזיקייט פון יידישן פאָלק. און ווען דאָס יידישע פאָלק איז ביז איצט געבליבן לעבן אין דער געשיכטע און איז ניט אונטערגעגאַנגען, איז עס נאָר אַ פּועל-יוצא פון דעם, וואָס עס האָט אין משך פון זיין געשיכטע באַוויזן אויסצופירן אַזאַ סאָציאַל-עקאָנאָמישע פונקציע, וואָס פאַר די אַנדערע פעלקער איז זי נוצלעך געווען.

ווי הענדלער, באַזיצער פון קאַפּיטאַל, גרויסע און קליינע פאַרמיטלער צווישן פאַרשיידענע קלאַסן, האָבן יידן מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע כוחות פון לאַנד און דעם סחורה-אויסבייט, און דעריבער האָט מען זיי ביז אַ צייט טאָלערירט.

נאָר יעדער מאָל, ווען די עקאָנאָמישע כוחות פון אַ וועלכן ניט איז לאַנד האָבן געשטייגט ביז אַ געוויסער הויך און די גרונד־באַפעלקערונג האָט שוין אַליין געקענט אויספירן די סאָציאַל-עקאָנאָמישע פונקציעס פון די יידן, פלעגן זיך אָנהויבן רדיפות קעגן זיי, און ביים וווקס פון די סאָציאַלע קעגנזאַצן

*) דער אויטאָר פונם אויפרוף, וואָס איז אַרויס ווי אַ באַזונדערע בראָשור אויף רוסיש, איז געווען ד״ר נחמן סירקין. רעדאַקציע.

אין דער געזעלשאפט פלעגט עס זיך געווײנטלעך ענדיקן מיטן פולן גירוש פון די יידן פון דאָזיקן לאַנד.

אָט ווי עס ליגט באַהאַלטן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיבה פון אַלע יידישע צרות, פון זייערע אייביקע וואַגלעניש פון לאַנד צו לאַנד.

איצט לעבן יידן איבער איינעם פון די שווערסטע מאָמענטן פון זייער געשיכטע.

דאָרט, ווו עס לעבט די גוואַלדיקע מערהייט פון יידישן פאָלק, אין רוס־לאַנד, רומעניע און עסטרייך, איז זייער ספּעציפישע טעטיקייט פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד איבעריק געוואָרן און מיטן וווקס פון דער געזעלשאַפטלעכער קאָנקורענץ פירן די געזעלשאַפטלעכע קענגזאַצן צו דעם, אַז די יידן זאָלן באַזייטיקט ווערן פון אַלע לעבנס־פּאָזיציעס. שוין פון לאַנג אָן זיינען יידן אין אָט די לענדער בארויבט פון פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט. איצט פאַרמאַכן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער די שוואַכע מקורים פון זייער חיונה.

אַ גאַנצע ריי פון טעטיקייט־צווייגן איז זיי פאַרבאָטן. די בילדונג איז פאַר זיי געשלאָסן. די פּראָדוקטיווסטע אַרבעט, די לאַנדווירטשאַפט, איז פאַר זיי ניט דערגרייכלעך. אין אייניקע לענדער, ווי למשל, אין רומעניע, ווערן יידן אַרויסגעטריבן ווי פרעמדע. אַלץ העכער און העכער לאָזן זיך הערן קעגן זיי ווילדע אויסגעשרייען, עס לעבן ווידער אויף די מיטלאַלטערלעכע באַשולדי־קונגען, און יידישע מאַרטירער זיצן אין די טורמעס און גייען אויף תליות.

פון אָט דער אומדערטרעגלעכער לאַגע ליידט, נאַטירלעך, אין פאַרשיידענער פאָרם און מאָס, דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, חוץ דעם רייכן און פּריווילעגירטן קלאַס. עס ליידט אין גשמיות און אין רוחניות. עס ליידט דער יידישער מיטל־קלאַס, וואָס ווערט געשטיקט פון דער ניט־יידישער קאָנקורענץ, פון גע־זעלשאַפטלעכן באָיקאָט און פון רדיפות מצד דער רעגירונג, עס ליידט די יידישע אינטעליגענץ, וואָס ביי איר ווערט צוגענומען די מעגלעכקייט אָנצוווענדן אירע כוחות אין בירגערלעכן לעבן.

נאָר מער פון אַלץ דריקט אָט דער שווערער יאָך די גרויסע עלנטע מאַסן, וואָס בילדן 80 פּראָצענט פון יידישן פאָלק און וואָס פילן אויס די ספּעציפישע יידישע עקאָנאָמישע פונקציע פון קליינער פאַרמיטלעריי צווישן די געזעלשאַפט־לעכע קלאַסן. געשטיקט פון מלוכהשן און געזעלשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם, ווערן אָט די מאַסן ביסלעכוויַיז בארויבט פון אַלע לעבנס־מעגלעכקייטן און זיי־נען פאַרמשפּט צום אונטערגיין. איבערגיין צו אַרבעט איז פאַר זיי זייער שווער, אויב ניט אויסגעשלאָסן, ווייל אויך די האָרעפּאַשנע עלעמענטן פון יידישן פאָלק ליידן פון אַנטיסעמיטישן דרוק, זיינען באַגרענעצט אין די אַרבעטס־מעגלעכקייטן און, ווי אַ פרעמדער און רעכטלאָזער עלעמענט אין לאַנד, טיילן זיי פון זיך אויס וואָס ווייטער אַלץ גרעסערע קאָנטינגענטן פאַר דער אַרבעטער־רעזערוו־אַרמיי. חוץ דעם מאַטעריעלן דרוק, קומט דער מאַסע אויס איבערצו־טראָגן אַלע שרעקנס פון דער יידן־פרעסעריי מצד דער רעגירונג, פּאָליציי, מיטל־קלאַס און פינסטערן המון.

הונגער, דלות, א צילּלאָז און כאאָטיש לויפן פון לאַנד צו לאַנד, גייסטיקע דעמאָראַליזאַציע — דאָס זיינען די נאַטירלעכע פּועל־יוצאס פון אָט דער לאַגע, וואָס ווערט אַלץ ערגער און ערגער.

דער שכל און דער געפיל ווייזן אונדז אָן צוויי וועגן פאַר דער היסטאָרישער פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע. ראשית — אויפוועקן אין די יידישע מאַסן די רעוואָלוציאָנערע פּאָליטישע אינסטינקטן און שאַפן אַ יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע באַוועגונג מיטן אַרבעטער־פּראָלעטאַריאַט אין צענטער און מיט דער איבעריקער יידישער מאַסע אין דער פּעריפעריע; והשנית — קאָנצענטרירן די כאאָטישע יידישע עמיגראַציע, די אייביקע יידישע וואַנדערונג אויף איין טעריטאָריע, כדי צו שאַפן דאָרט אַ יידישע מלוכה אויף סאָציאַליסטישע יסודות. די דאָזיקע טעריטאָריע איז דאָס אַלטע יידישע לאַנד, פּאַלעסטינע, און די שכנישע לענדער, וואָס געפינען זיך אונטער דער הערשאַפט פון ענגלאַנד, ווי ציפּערן און סיני. דער שכל און דער געפיל דאַרף יעדן אונטערזאָגן דעם ווייטערדיקן געדאַנק: אַנשטאָט דעם, אַז די יידישע מאַסן זאָלן אויסגיין פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אונטערדריקונג, זאָלן וואָגלען איבער דער גאַנצער וועלט אָן אַ ציל און ערגעץ קיין מקום מנוחה ניט געפינען, זאָלן לעבן פון אומפּראָדוקטיווער אַרבעט און גייסטיק דעמאָראַליזירן זיך — איז אַ סאָציאַלע נויטווענדיקייט פון דער יידישערווירקלעכקייט צו קאָנצענטרירן די עמיגרירנדיקע מאַסן, וואָס זייערע עקאָנאָמישע יסודות זיינען צעטרייסלט, אויף איין טעריטאָריע, כדי צו פאַרווירקלעכן דאָרט אַזעלכע לעבנספאָרמען, וואָס זאָלן שטימען מיט די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פון אָט די מאַסן.

דער פּאָליטישער קאַמף פון די יידישע מאַסן אויף די ערטער, וווּ זיי וווינען, און די שטרעבונג צו אַן אויטאָנאָמען יידישן צענטער געפינען זיך ניט אין קיין שום סתירה צווישן אַנאַנד, ווי עס קען זיך אויסווייזן פאַרן אויבנאויפנדיקן געדאַנק. די יידישע ווירקלעכקייט איז אין עצם זייער קאָמפּליצירט.

די יידישע עמיגראַציע איז אַ היסטאָרישער פּראָצעס און קען קיינמאָל ניט ווערן אַ פאַרענדיקטע געשעעניש, וואָס איז פאַרלאָפן אין אַ קורצער צייט. דאָס רוב יידישע מאַסן וועלן נאָך לאַנג פאַרבלייבן אויף די ערטער, וווּ זיי וווינען אַצינד, און זיי מוזן אומבאַדינגט רעאַגירן אויף זייער לאַגע, קעמפן פאַר עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען און פאַר פּאָליטישע רעכט, פאַרן אַלגעמיינעם אידעאַל פון פאַרגעזעלשאַפטלעכן די אַרבעט און פאַר זייער מענטשלעכער ווערדע. אָפּשטויסן די מאַסן פונם קאַמף אויף די ערטער אין נאָמען פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע הייסט אַרויסגעבן דעם פיינד אין די הענט די יידישע מאַסן און דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, הייסט פירן דאָס יידנטום צו אַ פולער מאַטעריעלער און גייסטיקער ירידה. פון דער אַנדער זייט, אין נאָמען פון קאַמף פאַרן סאָציאַליזם און פאַר איינציקע פאַרבעסערונגען פון דער אַרבעטער-לאַגע איננאַ-

רירן די אַלע מאַסן-פּורעניות פון יידישן לעבן, וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע טעטיקייט קען לויט איר עצם ניט געבן קיין ענטפער דערויף — דאָס איז אַ פאַרברעכן לגבי די דרינגלעכסטע יידישע אינטערעסן. ענטפערן די מאַסן, וואָס ווערן אַרויסגעטריבן, וואָס עמיגרירן, זוכן אַרבעט און אַ היים, מיט אַנווייזונגען אויף דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער אָרדענונג — הייסט געבן זיי שטיינער אָנשטאָט ברויט.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און דער סאָציאַליסטישער ציוניזם זיינען בכן יענע צוויי באַוועגונגען, וואָס גיבן אַן ענטפער אויף די רעאַלע נויטן פון די יידישע מאַסן און אויף דער יידן־פראַגע בכלל. איבער אַ גאַנצער ריי טאַקטישע טעמים איז דאָך אומצוועקמעסיק צו פאַראייניקן אַט די ביידע אַרטן טעטיקייט אין איין פּראַקטישער פּראָגראַם, און עס איז נויטווענדיק פונאַנדערצוטיילן זיי צווישן צוויי זעלבשטענדיקע פריינדלעכע אָרגאַניזאַציעס. סיי די צילן און סיי די מיטלען פון אַט די צוויי פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט ליגן אין צוויי פאַרשיידענע פלאַכן. די באַציונג פון די הערשנדיקע קלאַסן און פון די רעגירונגען צו ביידע באַוועגונגען איז גאַנץ פאַרשיידן. די שיכות פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און פון סאָציאַליסטישן ציוניזם צו אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען באַוועגט זיך אין פאַרשיידענע ריכטונגען: די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרף זוכן די באַריר-פונקטן מיט די אָרטיקע אַרבעטער, אַמאָל אויך מיט די ליבעראַלע פּאַרטייען, אָבער דער סאָציאַליסטישער ציוניזם דאַרף שטרעבן צו באַקומען אַ ווירקונג אויפן בורזשואַזן ציוניזם און אויף די יידישע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן בכלל. און לסוף איז אין יידנטום גופא די באַציונג צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און צום סאָציאַליסטישן ציוניזם פאַרשיידן: אַ סך עלעמענטן זיינען נאָך ניט פעיק אויפצונעמען די אידעען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, זיי קענען אָבער אויפנעמען די אידעען פון סאָציאַליסטישן ציוניזם, וואָס געפינט זיך אויסער דער ספערע פון קלאַסן-אינטערעסן. מחמת אַט די מאָמענטן און נאָך אַ ריי אַנדערע איז קלוג און צוועקמעסיק צו צעטיילן אויף צוויי פריינדלעכע, נאָר דורכויס זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציעס די דאָזיקע צוויי פאָרמען פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וואָס ביידע גלייך גיבן זיי אַן ענטפער אויף דער יידישער פראַגע.

אַ יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע באַוועגונג, וואָס באַציט זיך סימפּאַטיש צום סאָציאַליסטישן ציוניזם און צו דער אידעע פון דער יידישער אויפלעבונג, און אַ סאָציאַליסטיש-ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס אָנערקענט טעאָרעטיש די נויטווענדיקייט פון אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן יידן אין די ערטער, ווו זיי וווינען, — דאָס זיינען צוויי אָרגאַניזאַציעפאָרמען, וואָס קענען געבן אַ ברייטן ענטפער אויף דער יידישער פראַגע און אויף די נויטן פון די יידישע מאַסן.

נאָר חוץ דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן מאָמענט, וואָס רוקט אַרויס די נויטווענדיקייט פון סאָציאַליסטישן ציוניזם, איז פאַראַן נאָך אַ טיפער קולטור-פּסיכאָלאָגישער מאָטיוו, וואָס פון אים קומט אַרויס דער סאָציאַליסטישער ציוניזם.

די יידישע נאַציע איז איינע פון די סאַמע באַגאַבטסטע, סאַמע געניאַלסטע נאַציעס פון דער מענטשהייט. אַז דאָס יידנטום האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַר גרויסן חלק אין קולטור־אוצר — דאָס האָט שוין די געשיכטע אָנערקענט. אָבער די אויסערלעכע לאַגע פון יידישן פאָלק, זיין היימלאָזיקייט און קנעכטשאַפט האָבן פאַרוואַנדלט אָט דאָס אויסערגעוויינטלעכע פאָלק אין אַ קאַריקאַטור, אין אַ פאָלק, וואָס איז געוואָרן צו שפּאָט פאַר דער וועלט און אומדערטרעגלעך פאַר זיך אַליין, האָבן זיין פסיכיק צעקאַלעטשעט און פאַרדאָרבן. די יידישע נביאות האָט דעגענערירט צו אַנטימאָראַלישער תלמודישער געצנדינערײ, די יידישע אוניווערסאַלע עטיק — צו דער יידישער אוניווערסאַלער בערזשע און צו פאַ־נאַמע, די יידישע שאַפונג — צו נאַרישער נאָכמאַכערײ, די שפּראַך — צו אַן עלנטן זשאַרגאָן, די אינדיווידואַליטעט — צו אונטערחנפנען זיך צו פרעמדע, די אינטעלעקטועלע טעטיקייט — צו קרענקלעכן פּלפּול, דאָס סאָציאַלע לעבן — צו לויפּענישן און וואַגלענישן און די געשיכטע — צו אַן אייביקן קרעכץ.

און דאָך, ניט געקוקט אויף דער גאַנצער טראַגיק פון אָט דעם פאָלק, ניט געקוקט אויף דער קלאָגעדיקער קאַריקאַטור פון זיין לעבן, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס עס פעלן ביי אים קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע פאָרמען, זיינען די לעבנס־פעיקייט און ספּעציפישע באַגאַבטקייט זיינע אַזוי גרויס, אַז נאָך איצט אַפילו ליגן באַהאַלטן אין אים מעכטיקע שאַפונגס־כוחות, דער עיקר אין עטישער און סאָציאַליסטישער ספערע, וואָס ביי זיין נאָרמאַלער היסטאָרישער אַנטוויק־לונג קענען זיי נאָך צעבליען זיך אין אַ גרויסער נאַציאָנאַלער קולטור. דאָס שאַפונגס־פייער פון יידישן פאָלק איז נאָך ניט אויסגעלאָשן. אמת, אין דער צעפוילטער און לופטלאָזער אַטמאָספער פון קנעכטשאַפט איז עס טונקל און פינסטער געוואָרן, אָבער ביי בעסערע תנאים קאָן עס אויפפלאַקערן צו אַ מעכ־טיקער ליכטיקער זון.

שאַפן באַדינגונגען פאַרן אויפבלי פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, געבן רחבות פאַר די שאַפונגס־כוחות פון אָט דעם לויט זיין געשיכטלעכן גורל זעל־טענעם יידישן פאָלק — **דאָס איז די נאַציאָנאַלע אויפ־גאַבע פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.**

און אין דעם איז דער סאָציאַליסטישער ציוניזם אייניק מיטן אינטערנאַ־ציאָנאַלן סאָציאַליזם, וואָס אויף זיין רויטער פאָן איז אָנגעצייכנט: **נאַציאָ־נאַלע פרייהייט און רחבות פאַר דער נאַציאָנאַלער קולטור פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער!**

דער סאָציאַליסטישער ציוניזם האָט נאָך אין אויג גייסטיק־קולטורעלע טעטיקייט. די יידישע מאַסן זיינען פאַרזונקען אין עם־הארצות, אין רעליגיעזער פינסטערקייט, אין תלמודישער געצנדינערײ. אין אָטאָ דעם צושטאַנד פון עם־הארצות און פינסטערניש האַלטן די יידישע מאַסן די אָרטאָדאָקסישע רבנים, די פאַרקויפטע קאַזיאָנע ראַבינער, די יידישע בורזשואַזיע און די רעגירונג. דער סאָציאַליסטישער ציוניזם דערקלערט די אַלע שוואַרצע און שלעכטע כוחות אַ קאַמף — אַ קאַמף אין נאָמען פון ליכט, אין נאָמען פון אמת, אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונגס־אידעע.

אין דער פּראַקטישער יידישער רעליגיע, וואָס לויט דעם געניאַלן אויסדרוק פון היינע איז גאָר ניט קיין רעליגיע, נאָר אַן אומגליק, זעט דער סאָציאַליסטי-שער ציוניזם דעם הויפּט-שטערער, וואָס פאַרשטעלט פאַר די יידן דעם וועג צו קולטור, צו וויסן, צו פרייהייט. די פּראַקטישע יידישע רעליגיע פאַרדאַרבט דעם יידישן אינטעלעקט און די יידישע נשמה, זי איז קעגן יעדער זעלבסטשטע-טיקייט, האַלט דאָס פאָלק אין קנעכטישע צוואַנגען.

אָט דעם חושך וויל דער סאָציאַליסטישער ציוניזם צעשטרייען און ברענגען דעם פאָלק די ליכט פון סאָציאַליסטישן נאַציאָנאַלן אידעאַל.

די יידישע סאָציאַליסטישע יוגנט באַציט זיך אינדיפערענט, אויב ניט פיינדלעך, צו דער אידעע פון אַ יידישער מלוכה און פון דער יידישער נאַציאָ-נאַלער אויפלעבונג.

דאָס איז אייגנטלעך ניט מער ווי אַ יידיש-בורזשואַזע איבערלעבעניש. ווען אונטער דער ווירקונג פון דער פולער יידישער עמאַנסיפּאַציע אין מערב און טיילווייזער עמאַנסיפּאַציע פון די פּריווילעגירטע יידן אין רוסלאַנד איז אויסגע-וואַקסן די יידישע בורזשואַזיע און האָט אָנגעהויבן איר רויבערישן מאַרש קעגן דער וועלט, איז עס אין אירע אינטערעסן געלעגן צו לייקענען די מציאות פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט און אָנשטאָט דעם שאַפן די טעאָריע וועגן דער כלומרשטער יידישער רעליגיעזער מיסיע. היות ווי דאָס יידנטום פאַרמאָגט ניט קיין קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע פאָרמען, איז אָט דער בורזשואַזער אַנטי-נאַ-ציאָנאַליזם אַריינגעדרונגען אין די רייען פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט איר גאַנצע בילדונג געשעפּט פון פרעמדע קולטורן. דער אַנטינאַציאָנאַ-ליזם פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ און דורך איר, אמת אין אַ קלענערער מדרגה, אויך פון די יידישע אָרגאַניזירטע מאַסן נעמט זיך פון דעם, וואָס זיי האָבן זיך ניט אינגאַנצן באַפרייט פון דער אַנטי־יידישער פּסיכאָ-לאָגיע, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון דער יידישער בורזשואַזיע.

אמת, אין די אויגן פון די יידישע סאָציאַליסטן איז די אידעע פון יידישער אויפלעבונג דיסקרעדיטירט געוואָרן דורך דער בורזשואַז-רעאַקציאָנערער פאָרם, וואָס דער היינטיקער ציוניזם האָט אָנגענומען. ס'איז אָבער צייט צו פאַרשטיין סוף כל סוף דעם עצם פון אָט דער באַוועגונג און די סיבות, פאַר וואָס זי האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט אָננעמען דעם וויסטן רעאַקציאָנערן כאַראַקטער.

דער ציוניזם איז אויפגעקומען ניט פון דער שטרעבונג פון דער יידישער בורזשואַזיע צו געפינען אַ פּלאַץ, ווו אָנצווווענדן אירע פרייע קאַפּיטאַלן, ווי אויך ניט פון איר שטרעבונג צו פּאָליטישער הערשאַפט, ווי עס מיינען געוויסע סאָציאַליסטן. דאָס איז אויך אַזויפיל אַ פּרימיטיווע ווי אַ נאַיווע דערקלערונג פון אָט דער אין עצם אויסגעצייכנטער באַוועגונג. דער ציוניזם איז אויפגע-קומען פון דעם באַוווסטזיין פון די יידישע מאַסן, אַז אַלע עקאָנאָמישע יסודות זייערע זיינען צעטרייסלט געוואָרן און אויפן באָדן פון אָט דעם באַוווסטזיין איז אויסגעוואַקסן די שטרעבונג צו אַ בעסערן לעבן. צוזאַמען מיט אָט דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן מאָטיוו ווירקן דאָ דער נאַציאָנאַלער אינסטינקט און דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוווסטזיין פון יידנטום, וואָס בילדן מיט זיך דעם

גייסטיקן שאפנדיקן מקור פון דער דאַזיקער באַוועגונג. נאָר סיי דער געזעל־שאפטלעך-עקאָנאָמישער און סיי דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער מאָטיוו פון ציוניזם האָבן נאָך ניט באַוויזן צו דיפערענצירן זיך לויט די קלאַסן-קאַטעגאָריעס. פון דאַנען נעמט זיך דער בורזשואַז־רעאַקציאָנערער כאַראַקטער פון ציוניזם. דער עקאָנאָמישער יסוד פון די יידישע מאַסן, וואָס איז צעטרייסלט געוואָרן דורכן אַנטיסעמיטיזם, אַנטהאַלט פיל פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן: ער באַשטייט פון אַרבעטער־פּראַצע, פון קליין-האַנדל, פון פאַרמיטלעריי, מעקלעריי א"וו. דערביי איז די אומפּראָדוקטיווע טעטיקייט די הערשנדיקע פאָרם פון ווירטשאַפטלעכן לעבן. אָט אָ די עקאָנאָמישע פאַרשיידנאַרטיקייט האָט זיך אויסגעגאָסן אין איין אַלגעמיינעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מאָטיוו פאַר דער שטרעבונג צו א נייעם לעבן, און אפילו די מער קריטישע עלעמענטן פון די מאַסן האָבן נאָך ניט אַריינגעבראַכט אין אָט דעם אַלגעמיינעם מאָטיוו די קלאַסן-אויפקלערונג.

ביי די הינטערשטעליקע, גייסטיק-שוואַכע, אומגליקלעכע און פאַרשקלאַפטע מאַסן פון יידישן פאָלק, וואָס זיינען נאָך ניט אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך קלאַסן-דיפערענצירונג, אַסאָציאירט זיך די דאָזיקע שטרעבונג צו א נייער ווירקלעכ-קייט מיטן גאַנצן רעאַקציאָנערן און וויסטן אינהאַלט פון זייער לעבן. אָט די מאַסן באַנעמען די סאָציאַל-עקאָנאָמישע ליידן פון יידישן פאָלק פון דעם שטאַנד־פּונקט פון א קליינבירגערלעכן לעבן, דער אידעאַל פון דער יידישער צוקונפט בינדט זיך ביי זיי צוזאַמען מיט די באַגערן פון זייער ווירקלעכקייט, די מיט־לען פאַר דער דערגרייכונג פונם אידעאַל שעפּן זיי פון יענער קנעכטישער פאַ־טאַלאָגישער פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי די דאָזיקע מאַסן אין משך פון דורות.

נאָר אויב דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער מאָטיוו פון ציוניזם איז כאַאָטיש, ניט באַלויכטן פון קלאַסן-באַוווסטזיין און אַסאָציאירט זיך מיט דער גאַנצער קנעכטישער וויסטער פּסיכאָלאָגיע פון דער יידישער מאַסע, האָט דער נאַציאָ־נאַלער מאָטיוו, וואָס שפּילט אין אָט דער באַוועגונג די ראָלע פון א שאַפנ-דיקן מקור, נאָך מער געשטויסן די באַוועגונג אויף דעם באַרג אַראָפּ פון רע-אַקציע. די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער יידישער פּסיכיק זיינען פאַר־טונקלט דורך רעליגיעזע טראַדיציעס און רעאַקציאָנערע ירושות פון דעם קנעכ-טישן לעבן פון פאָלק. דער ציוניזם, ניט דיפערענצירט לויט די קלאַסן-קאַטע־גאָריעס, האָט פאַר זיך געשאַפן א נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע דער עיקר פון די רעאַקציאָנערע עלעמענטן פונם יידישן נאַציאָנאַליזם: פון רעליגיע, טראַדיציעס און פאָלקישע פאָרמען פון לעבן.

ניט פון די קלאַסן-אינטערעסן פון דער יידישער בורזשואַזיע, ניט פון איר שטרעבונג צו פּראָפיט נעמט זיך דער בורזשואַז-רעאַקציאָנערער כאַראַקטער פון ציוניזם, נאָר פון דער עם-הארצות און פינסטערניש פון פאָלק, פון דעם וואָס דער קלאַסן-זעלבסטבאַוווסטזיין און די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע אידעען זיינען ניט גענוג אַריינגעדרונגען אין די יידישע מאַסן. די סיבה פון דעם בורזשואַז-רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון ציוניזם איז ניט, ווי עס זאָגן די סאָציאַליסטן, די קלאַר

פארשטאנענע אינטערעסן פון דער יידישער בורזשואזיע, נאָר פונקט דער היפוך — די ניט געגוג קלאָר פארשטאנענע מאטעריעלע און אידעאלע קלאסן-אינטערעסן פון די יידישע מאסן.

אראנק אָט דער אָפּגעשטאנענקייט, דעם קלאסן-אינדעפּערענטיזם און דער קנעכטשאפט פון די יידישע מאַסן האָט דער ציוניזם אָנגענומען א בורזשואז-רעאקציאָנערע פאָרם, וואָס ביי יעדן מענטשן, ביי יעדן אמתן יידן קען זי ארויס-רופן נאָר אַן עקל. די פּסיכאָלאָגיע פון קליין- און גרויס־בורזשואזיע, פון פאר-פוילטער און אידעענלאָזער אינטעליגענץ, פון פארקויפטע און עם־הארצישע יידישע „שרייבער" איז געוואָרן די פּסיכאָלאָגיע פון ציוניזם. די סיבה פון אנטיסעמיטיזם זעט דער ציוניזם אין עפּעס אַ מין איינגעבאָרענער ראסן־שנאה פון די „פעלקער" צו יידן, אין עפּעס א היסטאָרישן פּסיכאָז — און דאָס איז אין גרונד אַן עם-הארצישער און רעאקציאָנערער ארט דענקען.

אין זיין נאציאָנאלן אידעאל האָט דער ציוניזם ניט געקענט אויפהויבן זיך העכער פון א מלוכה מיט יידישער עקספּלואטאציע און יידישער אונטער-דריקונג. אָן יעדן אידעען־שטראָם מצד די סאָציאליסטישע עלעמענטן, איז די ציוניסטישע באוועגונג אַלץ מער און מער רעאקציאָנער פארקריפּלט גע-וואָרן. זי האָט זיך פאראייניקט מיט די פינסטערע רבנים, האָט געשאפן א צבועקישן קולט פון דער יידישער רעליגיע, און דורך אירע פאָרשטייער פאר-נעמט זי זיך אַליין מיט דער שענדלעכער מלאכה פון „קאזיאָנער" רבנות און רופט דאָס יידישע פאָלק צו צערייסן מיט אַלע פּראָגרעסיווע און דערהויבענע אידעען פון דער מענטשהייט, וואָס האָבן כלומרשט אָפּגענארט דאָס יידישע פאָלק. די פארפוילטע, עם־הארצישע און אידעענלאָזע אינטעליגענטן, וואָס זיי-נען מאָראַליש און אינטעלעקטועל צו שוואך, כדי איינצולעבן זיך אין די אידעען פון סאָציאליזם — זיי זיינען דאָס געוואָרן די גייסטיקע עלעמענטן פון דער ציוניסטישער באוועגונג.

און דאָך, נאָך דעם אַלעמען, האָבן די יידישע סאָציאַליסטן קיין רעכט ניט צו וואַרפן א שטיין אין היינטיקן ציוניזם, ווייל זיי האָבן צו זיין עצם וועזן זיך באַצויגן פיינטלעך און לא די וואָס זיי האָבן זיך ניט באַמיט אריינברענגען אהין די סאָציאַליסטישע אידעע, האָבן זיי נאָך געגעבן א פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן זיין שורש, וועגן זיין אינעווייניקסטן מהות און אַלץ דערקלערט מיט דער שטרע-בונג צו פּראָפיט און הערשאפט מצד דער יידישער בורזשואזיע. די רעאקציאָ-נער־בורזשואזע פאָרם פון דעם היינטיקן ציוניזם באפרייט נאָך וועיט ניט די יידישע סאָציאַליסטן פון זייערע התחיבות לגבי דער יידישער פראגע און דער אידעע פון יידישער אויפלעבונג, נאָר דאָס לייגט אויף זיי גיכער ארויף א הייליקן חוב אריינברענגען ליכט אין אָט דער טיפער פאָלקס-ערשיינונג און שאפן פון איר א סאָציאַליסטישע באוועגונג.

אוטאָפּיע! שרייען די געגנער, ווייל זיי האָבן ניט קיין אנדערע לאָגישע ארגומענטן קעגן אונדז.

צו אזא ארגומענט, ווען ער וועט ארויסגעזאָגט פון סאָציאַליסטן, קענען מיר זיך באַציען מיט גרויס גלייכגילטיקייט.

איינע פון די הויפּט-טעטיקייטן פון היינטיקן סאָציאַליזם, וואָס אַ סך דערוואַרטן אַפילו פון איר די פאַרווירקלעכונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט בכלל, איז די גרינדונג פון פאַרשיידענע עקאָנאָמישע אַסאָציאַציעס. אַסאָציאַטיווע קאָלאָניזאַציע איז דאָך דער וועג, וואָס דאַרף פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, צום טריומף פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט.

און אויב אַסאָציאַציעס אַנטוויקלען זיך און האָבן ערפאָלג אין די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, איז אַפּשיטא שוין, אַז זיי דאַרפן איינגעמען פאַר זיך אַ פּאָזיציע אין דער נייער געזעלשאַפט. יאָ, לויט אונדזער מיינונג, איז דאָס דער איינציקער תנאי פאַרן ערפאָלג פון קאָלאָניזאַציע בכלל.

דער פאָרוואורף וועגן אוטאָפּיזם מצד די ציוניסטן איז בכוח נאָר ארויסצורופן ביי אונדז אַ שמייכל פון רחמנות.

אויב עמיצער פאַרדינט אַ פאָרוואורף וועגן אַ נישטווערטיקן און שלעכטן אוטאָפּיזם, זיינען דאָס די רעאַקציאָנערע ציוניסטן. די אוממעגלעכקייט ארויסצוגיין פון דער ספערע פון דער אייגענער ענגער פּסיכאָלאָגיע און די עמהאַרצישע זיכערקייט, אַז די וועלט איז אומבאַוועגלעך און אַז דאָס לעבן איז אומפעיק צו פאַרווירקלעכן העכערע און שכלדיקערע פאָרמען, — איז אַ וויסטער רעאַקציאָנערער אוטאָפּיזם פון זעלבסטצופרידענע מענטשן און הערשנדיקע קלאַסן. יענע ציוניסטן זיינען אוטאָפּיסטן, וואָס האָלטן, אַז דער גאַנצער ערפאָלג איז אָפּהענגיק פון דעם סולטאַנס קאַפּריז און פון דער אַזוי גערופענער דיפּלאָמאַטיע. די ציוניסטן-סאָציאַליסטן זיינען פריי פון יענעם פּסעוודאָראָמאַנטישן טשאַד, וואָס לויט אים באַקומט זיך, אַז די קאָלאָניזאַציע דאַרף זיך אָנהויבן נאָר אויף דער „הייליקער ערד“, און ניט אין די פרייע ענגלישע לענדער אין שכנות מיט פּאַלעסטינע. ניט יענע זיינען אוטאָפּיסטן, וואָס גיסן צונויף מיטן אידעאַל פון דער יידישער אויפלעבונג די הייליקע אידעאַלן פון דער מענטשהייט בכלל, נאָר פאַרמשפּט צו בהדרגהדיקן טויט איז די זאַך פון יענע, וואָס אין זייער באַגרענעצטקייט האַלטן זיי, אַז מ׳קען מענטשן באַגייסטערן פאַר קנעכטשאַפט און מאָראַלישע אַבסורדן.

דער סאָציאַליסטישער ציוניזם מאַכט דעם ציוניזם נאָר מעגלעך. ער פאַרברייטערט דעם באַגריף פּאַלעסטינע און מאַכט מעגלעך גלייך אָנצוהויבן די פאַרווירקלעכונג פון אַ יידישער מלוכה. ער ברענגט אין הסכם דעם ציוניזם מיט די מאַטעריעלע און אידעאַלע אינטערעסן פון די פאָלקסמאַסן און פאַרוואַנדלט אים אין אַ גרויסן אידעאַל, וואָס פאַר אים וועט דאָס פאָלק קעמפן און לעבן. ער וועקט די שטאַרקסטע אידעישע און אויפגעקלערטע עלעמענטן פון יידנטום און שטעלט זיי אין זיין אַוואַנגאַרד, בשעת דער בורזשואַזער ציוניזם קלייבט אָפּ נאָר די דערנער און די רויזן טרעט ער מיט די פיס. ער קעמפט קעגן די פּאַטאָלאָגישע געשווילעכצן פון יידישן לעבן, קעגן רעליגיע און טראַדיציעס. און זיינע בעסטע פאַרבינדעטע זעט ער אין ליכט פון וויסן, בשעת

ווען דער רעאַקציאָנערער ציוניזם בויט זיין בנין אויפן צעפוילטן פונדאַמענט פון פּאַטאָלאָגישן יידנטום. ניין, הערן ציוניסטן פון דער בורזשואַז־רעאַקציאָנערער מחנה, איר האָט דעם ציוניזם געמאַכט פּאַר אַן אוממעגלעכקייט, פאַרוואַנדלט אים אין אַן אוטאָפּיע פון קנעכטשאַפט, דערווייטערט פון אים די אויפגעקלערטע פאָלקס־מאַסן און די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ, איר האָט אים צעגרויפגעפּאַרט מיט פינסטערניש און צביעות און צוגענומען ביי אים, צו אונדזער גרויסן פאַרדראָס, אַלע זיינע לעבנס־זאַפטן. מיר, ציוניסטן־סאָציאַליסטן, הויבן אויף די אמתע פאָן פון יידישער פרייהייט, מיר באַלעבן דאָס יידנטום, ברענגען אַריין אין אַלע ווינקלען פון זיין לעבן דעם גרויסן אידעאַל פון סאָציאַליזם. מ י ר — ז י י נ ע ן צ י ו נ י ס ט ן!

און וואָס מער דער איצטיקער ציוניזם דערנעענטערט זיך צו זיין פאַרווירקלעכונג, וואָס מער עס ווערן צייטיק די אַלע אַנשטאַלטן, וואָס דאַרפן אָנהויבן די קאָלאָניזאַציע, אַלץ קלאָרער טרעט אַרויס די נויטווענדיקייט און די צייטיקייט פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

די בורזשואַז־רעאַקציאָנערע ציוניסטן ווילן אַ קאָלאָניזאַציע אויף קאַפּיטאַליסטישע יסודות און דערמיט פאַרמשפּטן זיי דעם ציוניזם צום טויט. זיי טראָגן אַריין אין ציוניזם פון אָנהויב אָן בורזשואַזע קלאַסן־אינטערעסן און שאַפן אומגעהייערע סאָציאַלע שטערונגען, וואָס אָן זיי וועט דער ציוניזם צעבראָכן ווערן. ביי אַלע אירע חסרונות איז נאָך דערווייל די ציוניסטישע באַוועגונג אין איר לעצטן ציל ריין פון פּניות, אָבער ביי דער פּראַקטישער אַרבעט וועלן אַרויסטרעטן די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן, בורזשואַזיע, טעכניקער, אַגראָנאָמען, אָנגעשטעלטע און אַלע איבעריקע טעלערלעקער פון די הערשנדיקע קלאַסן. עס וועט זיך פונאַנדערפלאַקערן דער קלאַסנקאַמף אין דער קאָלאָניזאַציע, וואָס וועט צעשטערן די יידישע מלוכה ביי דער סאַמע אויסשפּראָצונג אירער. די אינטערעסן־ווידעראַנאַנדן, וואָס וועלן זיך שאַפן, וועלן בילדן יענעם פעלז, וואָס איבער אים וועט דער ציוניזם ליידן שיפברוך. און ווען אָנשטאָט פרייהייט און אויפלעבונג וועט קומען דער קלאַסן־האַס און דער באַנקראָט, וועלן פאַרן משפּט פון דער יידישער געשיכטע די שולדיקע זיין די בורזשואַז־רעאַקציאָנערע ציוניסטן.

נאָר ניט ווייניקער שולדיק וועלן אויך זיין די יידישע סאָציאַליסטן, אויב זיי וועלן בלייבן שטיין פון ווייטן. זיי האָבן די מעגלעכקייט אַקעגנצושטעלן דעם בורזשואַז־רעאַקציאָנערן ציוניזם זייער סאָציאַליסטישע קראַפט און שטויסן די באַוועגונג אין דער סאָציאַליסטישער ריכטונג.

און זייער שולד לגבי דעם יידנטום וועט זיין דערפאַר שווערער, ווייל ווי סאָציאַליסטן זיינען זיי דער סאַמע פּראָגרעסיווער, סאַמע אידעישער, סאַמע אויפגעקלערטער קלאַס פון פאָלק.

אַרויסטרעטנדיק מיטן סאָציאַליסטישן ציוניזם פאַר דער יידישער יוגנט, האָפן מיר, אַז די בעסטע פאָרשטייער אירע וועלן אונדז פאַרשטיין. מיר האָפן, אַז די בעסטע פאָרשטייער פון דער יידישער יוגנט וועלן זיך גוט און ערלעך באַציען צו אונדזער רוף. נאָר קודם כל ווענדן מיר זיך צו אַלע יענע פון דער

ציוניסטישער מחנה, וואָס באַנעמען די אַנטיציוניסטישקייט, די מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע נישטיקייט פון איצטיקן ציוניזם און זוכן פאַרן ציוניזם נייע פאָרמען, וואָס זיינען מער אין הסכם מיט זייערע סאָציאַליסטישע אַנשויונגען. אָט די אומעטום צעשפּרייטע עלעמענטן רופן מיר צו אָרגאַניזירן זיך און שיקן זיי די פריילעכע בשורה, אַז סאָציאַליסטיש-ציוניסטישע גרופּעס בילדן זיך אומעטום.

דער ענטפער אויף דער יידישער פראַגע געפינט אויף אַזאַ אופן זיין אויסדרוק אין די ווייטערדיקע דריי גרונד־הנחות:

1. די נויטווענדיקייט פון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע פון די יידישע מאַסן אין די ערטער, ווו זיי וווינען איצט.

2. די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ יידישע סאָציאַליסטישע מלוכה אין פּאַלעסטינע און די שכנישע לענדער.

3. די נויטווענדיקייט צו פירן אַ קאַמף קעגן דער פּראַקטישער יידישער רעליגיע און פאַרבייטן זי דורך דער סאָציאַליסטישער נאַציאָנאַלער אידעע.

היות ווי דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער קאַמף פון די יידן געפינט זיך ניט אין אינעווייניקסטן צוזאַמענהאַנג מיט דער בילדונג פון אַ סאָציאַליסטיש-ציוניסטישער מלוכה, דאַרפן דיביידע פאָרמען פון דעם ענטפער אויף דער יידישער פראַגע געפינען זייער קאָנקרעטן אויסדרוק אין צוויי זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציעס.

צו דער אַרבעט, חברים!
זאָל לעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם!
זאָל לעבן דער סאָציאַליסטישער ציוניזם!

**גרופּע ציוניסטן-סאָציאַליסטן.**

לאָנדאָן, מאַי, 1901.

# באריכט פון דער קאנפערענץ „וואזראזשדעניע"*

לאָנדאָן, 1904.

נחום שטיף

## ווהין גייען מיר?

דער רעפערענט גיט אַ קריטישע איבערזיכט פון די עקסיסטירנדיקע ביי יידן פּאָליטישע שטרעמונגען, באַמיט זיך צו באַווייזן, ווי ווייט זייער פּראָגראַם און טאַקטיק קאָן ניט באַפרידיקן, און פּרוווט אָנמערקן יענע פּרינציפּן, וואָס דאַרפן געלייגט ווערן אין יסוד פון אַ פּראָגראַם פאַר אַ נייער פּאָליטישער פּאַרטיי.

דער גרונד-פעלער פון ציוניזם באַשטייט, נאָך דער מיינונג פון רעפערענט, אין דעם, וואָס ער שטעלט אַרויס אַ צו קאָנקרעטן אידעאַל פון אויטאָנאָמען לעבן אויף אַן אייגענער טעריטאָריע. בשעת די ציוניסטן האַלטן, אַז די דירעקטע פאַרווירקלעכונג פון זייער אידעאַל דאַרף זיין די נאָענטסטע אויפגאַבע פון די יידישע מאַסן, און אַז דאָס דאַרף אַוועקשטויסן אָן אַ זייט אַלע איבעריקע אויפגאַבן אונדזערע אין גלות (דעם קאַמף פאַר די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט, קלאַסן־קאַמף אא"וו) — לאָזן זיי אינגאַנצן אַרויס פון אויג, אַז האַנט ביי האַנט מיט די ווירקלעך עקסיסטירנדיקע כוחות און טענדענצן, וואָס פירן צו דער בילדונג אין נאָענטער צוקונפט פון אַן אויטאָנאָמער יידישער געזעלשאַפט אויף דער

---

*)פון דער בראַשור אונטער דעם דאָזיקן קעפּל גיבן מיר דאָ נאָר דעם באַריכט איבער צוויי פּאָרטראַגן, וואָס זיינען געלייענט געוואָרן אויף דער „וואָזראָזשדעניע"־קאָנפערענץ — „וווהין גייען מיר" — פון נ. שטיף און „די ראָל פון קלאַסן און נאַציעס אין קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט" — פון אַ ראָזין (בן־אדיר). דער דריטער רעפעראַט, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ — „די יידן־פראַגע אויף די שפּאַלטן פון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע" — פון באָזין־זילבערפאַרב איז געווען געדרוקט אין ערשטן נומער „וואָזראָזשדעניע". מיר וועלן אים געבן צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרטיקלען פון די אומלעגאַלע נומערן „וואָזראָזשדעניע", ווען מיר וועלן האָבן די מעגלעכקייט דערצו.

דעם תמצית פון די וויכטיקסטע דעבאַטן אויף דער קאָנפערענץ, ווי אויך די רעזאָלוציעס, וואָס זיינען דאָרט אָנגענומען געוואָרן, ווערן געבראַכט אינם אַרטיקל פון בן־אדיר — „דער אויפקום פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי (י"ס").

רעדאַקציע.

אייגענער טעריטאָריע, עקסיסטירן נאָך אנדערע טענדענצן און אנדערע כוחות, וואָס פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון א גאנצער ריי וויייניקער קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיעס אין די גלות-לענדער.

אין זיין אַלגעמיינער איבערזיכט איבער דער ציוניסטישער באַוועגונג ווייזט אָן דער רעפערענט אויף צוויי קריזיסן, וואָס זיינען פאַרגעקומען איינער נאָך דעם אַנדערן אין דער וועלט-אנשויונג פון דער ציוניסטישער אינטעליגענץ. די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך ארויסגעריסן פון דער געשטיקטער און דומפּיקער געטאָ-אַטמאָספער מיט איר גייסטיקן דלות, האָט זיך באַגייסטערט פון די „אַל-מענטשלעכע" אידעאַלן, ווי איר האָט זיך געדוכט. אין דער אמתן האָט זי זיך דורכגעדרונגען מיט די אויפגאַבן פון דער רוסישער אָדער פּוילישער פּראָגרעסיווער יוגנט. אָבער די טרויעריקע געשעענישן פון דער יידישער ווירקלעכקייט צוזאַמען מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז ארויס אויף דער געשיכטלעכער ארענע, האָבן זי געצוווּנגען אויפכאַפּן זיך און דאַן האָט אונדזער בעל-תשובה-אינטעליגענץ, נאָך א פיינלעכן קריזיס, אָפּגעטרייסלט זיך פון יענעם קאָסמאָפּאָליטישן קאַשמאַר, וואָס זי האָט דורכגעלעבט מחמת דער יידישער קולטורלאָזיקייט און באַדנלאָזיקייט, און מיטן כאַראַקטעריסטישן פאַר איר ברען האָט זי זיך אָנגעכאַפּט פאַרן אויפלעבונג-אידעאַל פון יידישן פאָלק.

אינגיכן אָבער האָט אויך דער ציוניזם באַוויזן, אַז ער קען ניט באַרעכטיקן די האָפענונגען, וואָס די אינטעליגענץ האָט אויף אים ארויפגעלייגט. ניט געקוקט אויף דער ערנסטקייט פון דעם נאַציאָנאַלן אידעאַל, וואָס דער ציוניזם האָט פאַרמוליהט, אויף דעם צויבער, וואָס די ראַדיקאַלע לייזונג פון דער יידן-פראַגע האָט פאַרמאָגט, האָט דער ציוניזם דאָך געליטן פון וויכטיקע דעפעקטן, וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּשטויסן די יידישע אינטעליגענץ. די נישטיקייט און אָרעמקייט פון זיין טעאָרעטישער פאָרמולירונג, די אומבאַהאָלפנקייט און אוטאָפּישקייט פון די מיטלען, וואָס דאַרפן פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניסטישן אידעאַל, די רעאַקציאָנערע פּראַקטיק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז א פּועל-יוצא פון דער קאָמפּראָמים-טאַקטיק, די אויבערהאַנט פון קליינבירגערטום אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט פון איר ארויסגעשטויסן יעדן פּראָגרעסיוון געדאַנק און צוגעגעבן אַזאַ רעאַקציאָנערן כאַראַקטער דער באַוועגונג, און, דער עיקר, די איבערטריבענע באַגייסטערונג פאַר די ווייטע צוקונפט-אידעאַלן, וואָס האָט געפיהט צו דעם, אַז מ'זאָל איגנאָרירן די קאָנקרעטע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַרן יידישן פאָלק אַדאַנק זיין לאַגע צווישן אַנדערע פעלקער, — דאָס אַלץ צוזאַמען גענומען האָט געשטויסן די פּראָגרעסיווע ציוניסטישע אינטעליגענץ צו דער איבערשאַצונג פונם גאַנצן נאַציאָנאַלן אידעאַל און האָט ארויסגערופן ביי איר יענע אידעישע וואַקלענישן, וואָס בילדן אַצונד איר כאַראַקטעריסטישן סימן.

דער רעפערענט פירט אונטער א סך-הכל פון זיין קריטיק און אין פאָלגנדיקע טעזיסן פאָרמולירט ער די דעפעקטן פון פּאָליטישן ציוניזם:

1. דער איצטיקער פּאָליטישער ציוניזם האָט ניט אויסגעאַרבעט קיין שום

איינהייטלעכע אידעאָלאָגיע און נויטיקט זיך נאָך אין אַן אָביעקטיוו ווייסנשאַפט-לעכער באַגרינדונג.

2. ס'איז צווייפלהאַפט, אויב דער ציוניזם וועט אין דער נאָענטסטער צוקונפט קענען זיין אַ לייזונג פאַר דער מערהייט פון דער יידישער מאַסע, און ווי אַ טיילווייזע לייזונג פון דער פראַגע פאַרליהרט ער זיין צויבער.

3. די פּראַקטישע מיטלען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג גיבן ניט קיין גענוגנדיקע גאַראַנטיע פאַרן ערפאָלג, זיי זעצן פאָרויס מער גלויבן איידער איבערצייגונג.

4. ס'איז דאָ אַ טיפער געגנזאַץ צווישן דעם ענדציל פון ציוניזם און זיין געגנוואַרטס-פּראָגראַם. דאָס שאַפט אין דער פּראַקטיק אַ שפּאַלטונג אין דער פּסיכאָלאָגיע און אין די באַציונגען.

5. די איצטיקע קליינבירגערלעכע פאַזע פון ציוניזם שטויסט אָפּ דורך אירע פאָרמען און האַלט אָפּ די אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג.

דער רעפערענט גייט איבער צו דער קריטיק פון דער אַנדערער פּאָליטישער באַוועגונג צווישן יידנטום — צום „בונד", און ווייזט אָן אויף זיינע גרונד-דעפעקטן, וואָס גיבן מער ניט די מעגלעכקייט דער וויטזיכטיקער אינטעליגענץ צוצושטיין צו אים אויפן באָדן פון געמיינזאַמער אַרבעט. ווי דער ציוניזם, שאַפט אויך ער ביי זיינע בעסטע פאַרשטייער דעם גייסטיקן אומרו, וואָס פירט צו פּעסימיזם און רופט אַרויס אַ געפיל פון אומצופרידנקייט מיט דער פּראַקטישער טעטיקייט. דער „בונד" צייכנט זיך אויס מיט זיין כאַראַקטערלאָזיקייט. ניט גע-קוקט אויף דער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט פון זיין אָרגאַניזאַציע און אויף דעם ניט גאָר פּאַסנדיקן פאַר אים אידעאַל פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — און אפשר טאַקע צוליב דעם גופא — האָט ער, כדי אויפצוקלערן פאַרשיידענע פראַגן פון דער יידישער ווירקלעכקייט, דורכוים אומקריטיש אַריבערגעטראָגן די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַנטוויקלונגס־סכעמע פון יענע פעלקער, וואָס האָבן זיך אויס-געבילדעט און אַנטוויקלט אין גאָר אַן אַנדערער סאָציאַלער סביבה. פון דעם נעמט זיך די פאַרגלייכונג — וואָס האַלט ניט אויס קיין קריטיק — צווישן דער יידישער אַרבעטער-פראַגע און דער אַרבעטער-פראַגע פון די פרייע און הערשנדיקע נאַציעס, ווי אויך דאָס איגנאָרירן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון די יידישע הערפּאַשנע מאַסן.

די קריטיק פון „בונד" רעזומירט דער רעפערענט אין פאָלגנדיקע הנחות:

1. דער „בונד" האָט אָנגענומען די אַלגעמיינע פּראָלעטאַריזירונגס-סכעמע פון די פאָלקס־מאַסן און ניט אויסגעפּרוווט, צי קען מען זי אויך אָנווענדן צו די יידישע מאַסן, וואָס לעבן געשיכטלעך אין אויסשליסלעכע עקאָנאָמישע און פּאָ-ליטישע באַדינגונגען.

2. דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן-ענטפער אויף אַלע לעבנס-פראַגן פון די יידישע הערפּאַשנע מאַסן, וואָס באַקומט זיך אַדאַנק דעם, האָט ניט קיין אָרט אין אונדזער ווירקלעכקייט.

3. די פּראַקטישע פּראָגראַם פון „בונד" צייכנט זיך אויס מיט איר איג-נאָרירן די נאָענטסטע אויפגאַבן צוליב די ווייטע ענדצילן.

4. אין דער פּראַקטיק איז דער „בונד“ נאָך אַלץ דורכגעדרונגען מיט אַסימילאַציע-ווייזונגען, און דערמיט האַלט ער אָפּ אונדזער נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג.

5. אין זיינע באַציונגען צום ציוניזם איז דער „בונד“ זייער ווייניק אָביעקטיוו און דורכגעטראַכט און גיט אָפּ צו פיל פּלאַץ פאַר ניט-ליטעראַרישער און אומקאָרעקטער פּאָלעמיק, וואָס פאַרדונקלט די פּראַגע און פאַרשאַרפט אונדזערע געמיינזאַמע באַציונגען צום שאָדן פון דער זאַך.

אַרויסגייענדיק פון אָט דער קריטיק פון ציוניזם און „בונד“, ווייזט דער רעפערענט אָן אויפן הויפּט-פּרינציפּ, וואָס דאַרף געלייגט ווערן אַלס יסוד אין פּראָגראַם פון אַ נייער פּאָליטישער פּאַרטיי, וואָס וויל געבן אַן ענטפער אויף די באַדערפענישן פון דער יידישער מאַסע. לויט זיין מיינונג, איז דאָס דער פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיזם. פאַר אַ געוויסן טייל פון יידישן פאָלק וועט דער פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיזם אין אַ מער אָדער ווייניקער נאָענטער צוקונפט פאַרווירקלעכט ווערן אין קאָנקרעטע פאָרמען פון זעלבשטענדיקן לעבן אויף אַן אייגענער טעריטאָריע. פאַר דעם איבעריקן טייל פון יידישן פאָלק איז די טעריטאָריאַלע לייזונג פון דער פּראַגע אַן אידעאַל פון ווייטער צוקונפט, און דער אויטאָנאָמיזם וועט, בכן, שפּילן די ראָל פון אַ רעגולאַטיוון פּרינציפּ אינם קאַמף פאַרן מאַקסימום נאַציאָנאַלע רעכט, וואָס איז נאָר מעגלעך צו דערגרייכן אין גלות. אויפן סמך פון אַזאַ פאָרמול פאַר דער לייזונג פון דער פּראַגע באַקומט זיך סיי די פּאָזיטיווע באַציונג צום ציוניסטישן אידעאַל, ווען מ׳באַפרייט אים פון זיינע אוטאָפּישע עלעמענטן, סיי די נעגאַטיווע באַציונג צו זיין רעאַקציאָנערער טאַקטיק, וואָס הריקט זיך אויס אין זיין פריידיקן אינדיפערענטיזם בנוגע צו יעדער פּראָגרעסיווער פּראַקטישער אַרבעט אויפן אָרט. פון דער אַנדערער זייט, אַדאַנק דעם דאָזיקן פּרינציפּ, ווערט די יידישע נאַציאָנאַלע פּראַגע געשטעלט אַלס אַ זעלבשטענדיקע פּראָבלעם און פון דעם קומט אַרויס די נעגאַטיווע באַציונג צו אַלע פּאַרטייען, וואָס איגנאָרירן מער אָדער ווייניקער די פּראָגרעסיווע באַדייטונג פונם נאַציאָנאַלן פאַקטאָר אין דער געשיכטע.

א. ראַזין (בן-אדיר):

# די ראָל פון קלאַסן און נאַציעס אין קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט *)

דער רעפערענט איז פאָרמעל איינשטימיק מיטן שעפער פון דער טעאָריע וועגן „קאַמף פאַר דער אינדיווידואַליטעט" — מיט נ. ק. מיכאַילאָווסקי — אין דעם, וואָס ער רוקט אַרויס אָט דעם פאַקטאָר אַלס אַ מעכטיקע טרייב-קראַפט אין פּראָצעס פון סאָציאַלער אַנטוויקלונג. ער גייט זיך אָבער מיט אים שטאַרק פונאַנדער בנוגע דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן באַגריף. לויט דער מיינונג פון רעפערענט, פאַרשטייט מיכאַילאָווסקי אונטערן קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט דעם קאַמף פאַר אַן אַבסטראַקטן ביאָלאָגישן טיפּ, פאַר עפּעס אַן אַבסטראַגירטער קאָמבינאַציע פון מענטשלעכע שטריכן און אייגנשאַפטן — און פון דעם שטאַמט זיין פּרוכטלאָזע פאָדערונג וועגן אַבסאָלוטער גלייכאַרטיקייט און איינפאָרמיקייט פון דער געזעלשאַפט, וועגן פולער סאָציאַלער ניוועלירונג. פאַרן רעפערענט אָבער איז דער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט אַ קאַמף פאַר דער קאָנקרעטער, רעאַלער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, און ווי ווייט איר באַטראַכט די דאָזיקע פּערזענלעכקייט פון דעם איינציק געזעצמעסיקן אין דעם פאַל סאָציאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, איז זי דורכויס אַ פּראָדוקט פון דער סאָציאַלער סביבה. היוצא מזה — אַז די פּראָגרעסיווע אַנטוויקלונג, די קאָמפּליצירונג און דיפערענצירונג פון דער פּערזענלעכקייט קען פאָרקומען נאָר אויפן באָדן פון אַ פּראָגרעסיוו אַנטוויקלטער, קאָמפּליצירטער און דיפערענצירטער סאָציאַלער סביבה, פון וואַנען די פּערזענלעכקייט ציט איר יניקה. אין אַ ניוועלירטער סאָציאַלער סביבה מוזן אויסוואַקסן גראָע, גייסטיק אָרעמע פּערזענלעכקייטן.

*) דעם דאָזיקן פאָרטראַג האָט דער מחבר אָנגעשריבן און געלייענט אויף דער קאָנפערענץ פון מאַנוסקריפּט, אָבער באַלד נאָך דער קאָנפערענץ האָט די קיעווער זשאַנדאַרמעריע ביי אַ הויזזוכונג דעם מאַנוסקריפּט צוגענומען און ס'איז פון אים פאַרבליבן נאָר דער תמצית-באַריכט אין דער דאָזיקער בראָשור. רעדאַקציע.

דער אידעאַל פון אַ דורכויס גלייכאַרטיקער, ניוועלירטער געזעלשאַפט, וואָס מיכאַילאָווסקי פאַרטיידיקט, האָט זיין מקור די צוניפמישונג פון צוויי לגמרי פאַרשיידענע ערשיינונגען: די דיסהאַרמאָנישע אַנטוויקלונג און די אינדיווידואַליזירונג פון דער פערזענלעכקייט. די דיסהאַרמאָנישע אַנטוויקלונג באַטייט די היפּערטראָפּישע איינזייטיקע אַנטוויקלונג פון געוויסע אייגנשאַפטן און פעיקייטן ביי דער אונטערדריקונג און אַטראָפּיע פון די אַנדערע. די פאַרשיידנאַרטיקייט פון דער געזעלשאַפט, וואָס באַקומט זיך ביי אַזאַ דורכויס אומנאַטירלעכן, דיסהאַרמאָנישן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, איז בלי ספק אַ פּראָדוקט פון אומגעזונטע, פאַרקריפּלטע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, און דאָס גופא איז אַ מקור פון כלערליי געזעלשאַפטלעכע אַנאָמאַליען. פאַרקערט, די אינדיווידואַליזירונג פון דער פערזענלעכקייט באַטייט אַן אָריגינעלן, האַרמאָניש־אייגנאַרטיקן סינטעז פון די פּילזייטיקע אייגנשאַפטן און פעיקייטן אין דער דאָזיקער פערזענלעכקייט. די שאַרף אויסגעשפּראָכענע אייגנאַרטיקייט פון דער פערזענלעכקייט איז אַ סימן ניט פון איינזייטיקייט, נאָר פאַרקערט — פון באַזונדערער גייסטיקער רייכקייט און פולבלוטיקייט.

אַזאַ אייגנאַרטיקייט קען אויסוואַקסן נאָר אויפן באָדן פון אַ רייכער און קאָמפּליצירטער סאָציאַלער סביבה. און ווירקלעך, דער גאַנצער גאַנג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג באַשטעטיקט דורכויס די הנחה, אַז די שטייגנדיקע אינדיווידואַליזירונג פון דער פערזענלעכקייט קומט פאַר האַנט ביי האַנט מיטן פּראָצעס פון דער פּראָגרעסיווער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. וואָרום פון וואָס אייגנטלעך באַשטייט די סאָציאַלע סביבה? איר קאָנקרעטן אינהאַלט בילדעט דער סך־הכל פון יענע אינדיווידועלע „בייטראַגן", וואָס טאַרד באַצייכנט אונטער דעם אַלגעמיינעם באַגריף „ענדעקונגען און ערפינדונגען", אָבער דעם ווערט זייערן באַשטימט אויסשליסלעך די מדרגה פון זייער אָריגינעלקייט און אייגנאַרטיקייט, און דאָס איז דאָך אינגאַנצן אָפּהענגיק פון דער מדרגה, צו וועלכער ס'דערגרייכט די אינדיווידואַליזירונג פון דער פערזענלעכקייט אין דער געגעבענער געזעלשאַפט. אויף אַזאַ אופן זיינען דער סאָציאַלער פּראָגרעס און די אינדיווידואַליזירונג פון דער פערזענלעכקייט צוויי זייטן פון איינעם און דעם זעלבן פּראָצעס: דער ערשטער איז אַ סיבה און אין דער זעלבער צייט אַ פּראָדוקט פון דער צווייטער, און להיפוך.

וואָס זשע באַטייט קאָנקרעט דער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט?

דאָס איז אַ קאַמף פאַר אַזעלכע לעבנס־ און אַנטוויקלונגס־פאָרמען, וואָס זאָלן שאַפן די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען און אויסשעפּן די אינדיווידואַליטעט פון דער פערזענלעכקייט. וואָרום דאָס לעבן פון דער פערזענלעכקייט ווערט אַלץ רייכער און פילזייטיקער, אַלץ ברייטער און קאָמפּליצירטער, וואָס ברייטער און טיפער דאָס דאָזיקע לעבן דרינגט דורך און נעמט אַרום די אָריגינעלע, אייגנאַרטיקע סטרונעס פון דער מענטשלעכער נשמה. אין סאָציאַלאָגישן זינען באַטייט דער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט אַ קאַמף פאַר אַזעלכע פאָרמען פון סאָציאַלן לעבן, וואָס זיינען צום בעסטן צוגעפּאַסט פאַר דער אינדיווידואַליזי־

רונג פון דער פּערזענלעכקייט, ד"ה אַ קאַמף קעגן אַלע סטיכישע כוחות, וואָס דריקן און שטיקן זי, קעגן יעדער טענדענץ ניוועלירן זי, מאַכן זי פאַרבלאָז און בלוטאָרעם, דאָס איז אַ קאַמף פאַר אַזעלכע לעבנס-פאָרמען, וואָס זאָלן מיט-העלפן אַרויסברענגען די אייגנאַרטיקייט פון דער פּערזענלעכקייט, אַ קאַמף פאַר דער פולער אויפבליונג פון אירע שאַפנדיקע כוחות, מיט איין וואָרט — אַ קאַמף פאַר דער אויפדעקונג און פונאַנדערוויקלונג פון אַלע אירע פּאָטענ-ציעלע מעגלעכקייטן.

ווי אַזוי זיינען די פאַרהעלטענישן צווישן קאַמף פאַרן קיום און קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט?

דאָס איז די פאַרהעלטעניש פון פאָרם און אינהאַלט. ווארום דער קאָנקרע-טער אינהאַלט פונם קאַמף פאַרן קיום דריקט זיך דאָך תמיד אויס אין דער פאַרטיידיקונג פון דער אינדיווידואַליטעט. די מדרגה, צו וועלכער עס דערגרייכטביים מענטשן די פאַרטיידיקונג פון זיין אינדיווידואַליטעט, הענגט אָפּ פון דעם, ווי ווייט עס דערגייט די אינדיווידואַליזירונג פון דער פּערזענלעכקייט אין דער געגעבענער געזעלשאַפט, פון איין זייט, און די מאַכט פונם מענטשן איבער די אַרומיקע סטיכישע כוחות, פון דער אַנדער זייט. ביי דער שוואַכער אַנט-וויקלונג פון דער מענטשלעכער אינדיווידואַליטעט, דאָס הייסט, ביי איר פולער נאָכגיביקייט, און ביי דער גוואַלדיקער מאַכט פון די סטיכישע קרעפטן איבערן מענטשן, איז דער מענטש גרייט מקריב צו זיין דעם אינהאַלט פון זיין אינדיווידואַליטעט, צופּאַסן זי צו די דאָזיקע סטיכישע קרעפטן, כדי צו ראַ-טעווען די גרונד־פאָרם פון זיין אינדיווידואַליטעט — זיין אינדי-ווידועלן קיום. אָבער וואָס שאַרפער און אויסגעשפּראָכענער, ובכן, וואָס שטיי-פער און אומביינזאַמער ס'ווערט די אינדיווידואַליטעט פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט און אויך וואָס מער עס שטייגט, פּאַראַלעל מיט דעם, די הער-שאַפט פונם מענטשן איבער די סטיכישע כוחות, אַלץ ווייניקער איז ער נוטה און איז פעיק מקריב צו זיין דעם אינהאַלט פון זיין אינדיווידואַליטעט און אַלץ מער שטרעבט ער צופּאַסן צו איר די דאָזיקע סטיכישע כוחות.

אויף אַזאַ אופן באַקומט זיך, אַז די טענדענץ פון דער געשיכטלעכער אַנט-וויקלונג, ווי ווייט זי דריקט זיך אויס אין דער שטייגנדיקער אינדיווידואַליזירונג פון דער פּערזענלעכקייט און אין איבערגאַנג פון דער „ממשלה פון נויטווענ-דיקייט צו דער ממשלה פון פרייהייט" — פירט זי מיט אָביעקטיווער נויט-ווענדיקייט צו דעם, אַז וואָס ווייטער זאָל די פאָרם פונם קאַמף פאַרן קיום אַלץ מער זיך אָנפילן מיטן אינהאַלט פון קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט. פון דעם ווערט קלאָר, אַז דער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט האָט, אַלס אַ טרייב-קראַפט פון סאָציאַלן לעבן, אַ טענדענץ צו פּראָגרעסיווער שטייגונג און, בכן, ווערן מיט דער צייט אַ דאָמינירנדיקער פאַקטאָר פון סאָציאַלן פּראָצעס.

אַרויסגייענדיק פון די הנחות, פּרוווט דער רעפערענט באַשטימען דעם מהות און די היסטאָרישע אַנטוויקלונגס-טענדענץ פון קלאַסן און נאַציעס.

צווישן נאַציאָנאַלן- און קלאַסן-פּרינציפּ איז דאָ אַ טיפער אונטערשייד.

צונויפמישן זיי קען נאָר דער, וואָס מישט צונויף די באַגריפן פון דיסהאַרמאָנישער אַנטוויקלונג און אינדיווידואַליזירונג.

די סאָציאַלע דיפערענצירונג, וואָס באַקומט זיך ביי דער צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אויף קלאַסן, איז דער כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון אַ דיסהאַרמאָנישער אַנטוויקלונג מיט אַלע אירע באַגלייט-דערשיינונגען. דער עצם וועזן פון קלאַסן-פּרינציפּ איז די מציאות פון פּריווילעגיעס פאַר באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע גרופּן און באַגרענעצונגען פאַר די איבעריקע. באַשרענקונג, פאַרשמעלערונג פון דער סאָציאַלער לעבנס-ספערע — דאָס איז, בכן, די לאָגישע פונקציע פונם באַגריף קלאַס. און באמת, סיי די באַגרענעצונגען, סיי די פּריווילעגיעס באַשרענקען ביז פאַרקריפּלונג די לעבנס-פאָרמול פון די געזעלשאַפטלעכע גרופּן און ברענגען אַריין אַ דעמאָראַליזאַציע אין דער סאָציאַלער סביבה. ס'איז קלאָר, אַז דער קלאַסן-פּרינציפּ אין דער געזעלשאַפט בילדעט מיט זיך יענע פרעמדע, אַזוי ווי פון אויבן געשטעלטע סטיכישע קראַפט, צו וועלכער די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט איז געצוווּנגען זיך צוצופּאַסן און דערביי זיך פאַרקריפּלען און פאַרדאַרבן, אַנשטאָט די דאָזיקע כוחות צופּאַסן צו זיך.

פאַרקערט, דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ קערט זיך כלל וכלל ניט אָן ניט מיט פּריווילעגיעס און ניט מיט באַגרענעצונגען, ובכן, זיין יסוד איז ניט די באַשרענקונג פון דער סאָציאַלער לעבנס-ספערע. די נאַציאָנאַלע צעטיילונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז געבויט אויף אַן אָריגינעלער, אייגנטימלעכער קאָמבינירונג, אויף אַן אייגנאַרטיק-האַרמאָנישן סינטעז פון דעם גאַנצן סכום עלעמענטן, וואָס בילדן צוזאַמען דאָס סאָציאַל-קולטורעלע לעבן פון יעדער באַזונדער נאַציע. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז וואָס רייכער, פילפאַכער און קאָמפּליצירטער ס'ווערט דאָס סאָציאַל-קולטורעלע לעבן פון דער נאַציע, אַלץ שאַרפער קומט ביי איר צום אויסדרוק די אייגנאַרטיקייט פון דער דאָזיקער קאָמבינירונג און אַלץ בולטער און אויסגעשפּראָכענער טרעט אַרויס איר אָריגינאַליטעט, איר באַזונדערע אייגנטימלעכקייט.

דער רעפערענט נעמט אָן מילוקאָווס דעפיניציע, וואָס איז אָנערקענט פון די נייסטע סאָציאָלאָגן, אַז „דאָס סאָציאַלע" איז די פּסיכישע צוזאַמענווירקונג פון מענטשלעכע גייסטער, און באַטראַכט די נאַציאָנאַליטעט ווי אַזאַ אייגנאַרטיקע פאָרם פון סאָציאַלן לעבן, וואָס האָט זיך געשיכטלעך אויסגעבילדעט און וואָס איז צום בעסטן צוגעפּאַסט פאַר דער ערפאָלגרייכער און פּרוכטבאַרער פּסיכישער צוזאַמענווירקונג פון די אַלע יחידים, וואָס געהערן צו דער דאָזיקער נאַציע. די פאָרמלאָזע, אַזוי גערופענע אויסערנאַציאָנאַלע סאָציאַלע סביבה איז אַ ריינע אַבסטראַקציע. דאָס גאַנצע סאָציאַלע לעבן גיסט זיך אויס אין דורכוים נאַציאָנאַלע פאָרמען און די דאָזיקע פאָרמען אַנטוויקלען זיך, ווערן אַלץ קאָמפּליצירטער צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג און קאָמפּליצירונג פון סאָציאַלן לעבן גופא. יעדע צוזאַמענווירקונג צווישן דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט און דער סאָציאַלער סביבה קומט פאָר אויסשליסלעך אין דער נאַציאָנאַלער ספערע. די פּערזענלעכקייט איז, בכן, אַ פּראָדוקט ניט פון עפּעס אַן אַבסטראַקטער סאָציאַלער סביבה, נאָר פון אַ סאָציאַלער סביבה,

וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין דעם געגעבענעם נאַציאָנאַלן פורעם. און דאָס־גלייכן — די פּערזענלעכקייט העלפט מיט דער אַנטוויקלונג און שטייגונג ניט פון סתם אַ סאָציאַלער סביבה, נאָר פון אַ באַשטימטער נאַציאָנאַל-סאָציאַלער סביבה. און דערפון קומט אַרויס, אַז די פּערזענלעכקייט וועט זיין אַלץ מער פעיק צו שאַפנדיקער טעטיקייט, וועט זיין בכוח אַלץ פולער פונאַנדערוויקלען איר אינדיווידואַליטעט, וואָס ברייטער, פולבלוטיקער און פרייער וועלן זיין יענע פאָרמען פון נאַציאָנאַלן לעבן, אין וועלכע זי לעבט, שאַפט און אַנטוויקלט זיך. אויף אַזאַ אופן ווערט קלאָר, אַז די נאַציאָנאַלע פאָרמען פון אונזער קיום שטעלן מיט זיך פאָר קיין פאַל ניט פאָר יענע סטיכישע כוחות, צו וועלכע די פּערזענלעכקייט דאַרף צופּאַסן איר אינדיווידואַליטעט, נאָר פאַרקערט — גופא די פאָרמען פון נאַציאָנאַלן לעבן בילדן מיט זיך דעם כאַראַקטעריסטישן אויס-דרוק פונם אינעווייניקסטן מהות פון איר אינדיווידואַליטעט.

ובכן, אויף וויפיל דער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט דריקט זיך אויס אין דער שטרעבונג צו פאַרניכטן די סטיכישע כוחות, צו וועלכע די פּערזענלעכקייט איז געצוווּנגען זיך צוצופּאַסן און דערביי פאַרקריפּלען און פאַרדאַרבן זיך, — אויף אַזוי פיל קומט ער אין שאַרפן ווידערשפּרוך מיטן קלאַסן-פּרינציפּ און געפינט זיך דורכויס אין פולן הסכם מיטן נאַציאָנאַלן פּרינציפּ.

די דאָזיקע טענדענץ מערקט זיך גאַנץ דייטלעך שוין אין אונזער איצטיקן לעבן. ווי ווייט די פאָלקסמאַסן ווערן אַקטיוו אַריינגעצויגן אין סאָציאַלן לעבן, וואָס ווערט אַדאַנק דעם דאָזיקן פּראָצעס רייכער און קאָמפּליצירטער, קומט די פּערזענלעכקייט אַלץ מער און מער אין שאַרפן ווידערשפּרוך מיט די סטיכישע כוחות און די שטיקנדיקע פאַרגליווערטע פאָרמען פון דער קלאַסן-געזעלשאַפט. דאָס איז פון איין זייט. פון דער אַנדער זייט לאָזט זיך אויך שאַרף פילן דער ווידערשפּרוך צווישן די איצטיקע נאַציאָנאַלע פאָרמען פון סאָציאַלן לעבן און דעם סאָציאַלן לעבן גופא. די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס עד היום ווערן אין דעם ריינעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ אַריינגעבראַכט די דורכויס פאַר אים פרעמדע, קעגנזעצלעכע פּרינציפּן פון דער קלאַסן-געזעלשאַפט, און אָדער זיי באַשרענקען דירעקט די נאַציאָנאַלע פאָרמען פון אונדזער לעבן אָדער זיי באַהעפטן זיי מיט באַשטימטע פאַרגליווערטע יסודות. דאָס ערשטע פּאַסירט הויפּטזאַכלעך מיט אונטערדריקטע נאַציעס, ווּהין די הערשנדיקע פעל-קער טראָגן אײַנגאַנצן איבער דעם קלאַסן-פּרינציפּ פון פּריווילעגיעס און באַ־גרענעצונגען. דאָס צווייטע מערקט זיך דער עיקר ביי די הערשנדיקע נאַציעס. די פּריווילעגירטע קלאַסן, וואָס פאַרטיידיקן תמיד די עקסיסטירנדיקע סאָציאַלע אָרדענונג, שטרעבן דורכויס צוצוגעבן איר די סאַנקציע פונם הייליקן פאַרן פאָלק נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, און צוליב דעם צוועק אידענטיפיצירן זיי דעם פּרינציפּ פון פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג מיט די אָדער יענע קאָנקרעטע יסודות. אַלס ביישפּיל קענען אונדז דינען אַלע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון די הערשנדיקע קלאַסן ביז דער סלאַוויאַנאָפילישער באַוועגונג ועד בכלל. „דאָס נאַציאָנאַלע“ איז פאַר זיי ניט קיין אַנטוויקלונגס-פאָרם, וואָס איר אינהאַלט פליסט אָן אויפהער, נאָר עפּעס אַ באַשטימטער פאַרגליווערטער

מ ה ו ת, וואָס שליסט אויס אין עצם די מעגלעכקייט פון פרייער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג.

נאָר ס'איז קלאָר, אַז ווי ווייט די ברענענדיקע פּראָגן פונם קאַמף פאַרן קיום וועלן פאַרלירן זייער שאַרפקייט און דער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט וועט ווערן די הויפּטטרייבקראַפט און דער מעכטיקסטער סטימול פון סאָציאַלן לעבן, וועט אויך דער קאַמף פאַר פולער פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג אַרויס-טרעטן אַלץ מער און מער אויפן פאָדערשטן פּלאַן, ווערן אַלץ שאַרפער און אַנטשיידענער.

אַנערקענענדיק, אַז „דאָס נאַציאָנאַלע" בילדעט די פ אָ ר ם, אין וועלכער עס גיסט זיך אויס ד אָ ס ג א נ צ ע ס אָ צ י א ל ע ל ע ב ן, האַלט דער רעפערענט פאַר זינלאָז אַלע טעאָרעטישע פּרוון אויסטיילן פאַר דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אויסשליסלעך די אַזוי גערופענע ריין־קולטורעלע אויפגאַבן. ד ע ר ק א מ ף פ א ר נ א צ י אָ נ א ל ע ר פ ר י י ה י י ט א י ז א ק א מ ף פ א ר פ ו ל ע ר, א ל ז י י ט י ק ע ר א י י נ ג א ר ט י ק ע ר ס אָ-צ י א ל ע ר ש א פ ו נ ג.

דער אַנאַליז פון די עקסיסטירנדיקע היסטאָרישע טענדענצן ברענגט, בכן, דעם רעפערענט צו דער איבערצייגונג, אַז צו דער לייזונג ניט נאָר פון דער סאָציאַלער, נאָר אויך פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע פירט די אָביעקטיווע היסטאָ-רישע נויטווענדיקייט. די לייזונג וועט באַשטיין אין דער פאַרניכטונג פונם קלאַסן־פּרינציפּ און דער באַפעסטיקונג פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ. „און יענעם טאָג, ווען די דאָזיקע פראַגן וועלן זיין געלייזט", פאַרענדיקט דער רעפערענט זיין פאַרטראַג, „וועט זיין אַ טאָג פון אמתן טריומף פון דער פּערזענלעכקייט און פון דעם העכסטן נצחון פון אינדיווידואַליטעט".

# פראלעטאריער אללער פעלקער, פעראייניגט אייך!

# ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע ארבייטער פארטיי

## דעקלאַראַציאָן

מיט דער ענטוויקלונג פונ'ם קאפיטאליזמוס אין רוסלאנד, מיט דעם וואוקס פונ'ם אללגעמיינעם סאָציאליזמוס, האָבען אויך יודישע ארבייטער אָנגעהויבען בילדען פון זיך א בעוואוסטזיניגען ארבייטער-קלאסס. און וואָס ווייטער ס'איז געגאנגען די ענטוויקלונג פון דעם יודישען ארבייטער, וואָס שארפער ס'איז געוואָרען זיין קלאססען־בעוואוסטזיין, אלס מעהר האָט ער אָנגעפאנגען איינצוזעהן, אז די יודישע ארבייטער-פראגע איז נאָך איהר אינהאלט ניט נאָר א עקאָנאָמישע פראגע פון פערזאָנען־ארבייטער־בכלל, זאָנדערן אויך־און הויפּטזעכליך — א סאָציאלע פראגע פון ארבייטער-יודען, דאָס הייסט פון א בעשטאנדטייל פון א בעשטימטער נאציאָנאלע גרופּפּע; אלס מעהר האָט ער געמוזט אָנפאנגען פיהלען, אז די לעזונג פון דער יודישער ארבייטער-פראגע איז ענג פערבונדען מיט דער לעזונג פון דער ארבייטס-פראגע פאר די מעהרהייט פון דער נאציאָנאלער גרופּפּע, צו וועלכער ער געהערט; און אלץ מעהר האָט ער אָנגעהויבען אנערקענען, אז די יודישע ארבייטער־פראגע קען ניט פערטרונקען ווערען אין דער אללגעמיינער ארבייטער-פראגע פון די לענדער, וואו יודען געפינען זיך, און קען נור דאן געלעזט ווערען, ווען דאָס יודישע פאָלק וועט בילדען א זעלבסטשטענדיגע געזעללשאפט אויף א אייגענעם טעררי-טאָריום. און אונמעגליך איז געוואָרען, אז די יודישע ארבייטער־מאססען אין רוסלאנד זאָללען איינגעשלונגען ווערען דורך דער אלגעמיין רוסלענדישער סאָציאלדעמאָקראטישער ארבייטער פארטיי, ענג איז אויך פאר זיי געוואָרען די עקזיסטירענדע יודישע ארבייטער-אָרגאניזאציאָן, דער „בונד“, וועמענס ענד-ציעל איז ניט פערבונדען מיט א זעלבסטשטענדיגער עקזיסטענץ פון דעם יו-דישען פאָלק. און יודישע ארבייטער האָבען זיך אָנגעהויבען גרופּפּירען אין בעזונדערע נייע אָרגאניזאציאָנען „פועלי-ציון“.

גרופּפּען פועלי-ציון האָבען אָנגעהויבען וואקסען פון זיך אליין, אין איינעגע ערטער זאָגאר אָן דער הילף פון אינטעליגענץ. דער גאנצער סך-הכל פון דעם

יודישען ארבייטער־לעבען האָט איהם געבראַכט אונטער דער פאָהן פון פועלי־ציון, — און אין גרויסע און קליינע פּונקטען, אין שטעדט און שטעדטליך, אין פערשידענע פערוואָרפענע ווינקלען זענען געוואַקסען שטאַרק און שנעלל ציוניסטישע ארבייטער־גרופּפען, — און אַ געדיכטעס נעץ פון פועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָנען האָט זיך פערשפּרייט אין אַלע ערטער, וואו יודישע מאַססען וואָהנען, איבערהויפּט, פערשטעהט זיך, אין רוסלאַנד; עס פעהלען אָבער אויך ניט קיין פועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָנען אין גאַליציען, לאָנדאָן, פּאַריז און אַמעריקא, וואו עס געפינען זיך יודישע ארבייטער־מאַססע, און אויך אין אַנדערע פּונקטען פון מערב־אייראָפּע, וואו עס געפינט זיך יודישע אינטעליגענץ, וואו עס ארבייט נור דער יודיש־פּראָלעטאַרישער געדאַנק.

וואַקסענדיג און פערשפּרייטענדיג זיך אומעטום, האָבען די פועלי־ציון געצייגט, אַז זייער עקזיסטענץ איז געזעצליך, אַז זייער ערנעהרונג ציהען זיי פון דער יודישער ווירקליכקייט, אַז זיי האָבען טיפע וואָרצלען אין לעבען. נור אין זייער נאַטירליכען וואוקס האָבען די פועלי־ציון געמוזט איבערגעהן געוויסע ענטוויקלונגס־שטופען. — ביז יעצט האָבען זיך נאָך די פועלי־ציון ניט קריסטאַליזירט אין זייער געהעריגער פאָרם; די בעזונדערע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען ניט געבילדעט איין פעסט געשטעלטע פּאַרטיי, נור עס האָבען עקזיסטירט פערשידענע פועלי־ציוניסטישע גרופּפען און אָרגאַניזאַציאָנען; יעדע ערטליכע־אָרגאַניזאַציאָן האָט געפיהרט איהר בעזונדער לעבען, האָט געהאַט איהר אינהאַלט און פּראָגראַם, איהר טאַקטיק און ארבייטספאָרם: איין גרופּפע האָט אנערקענט די נויטיקייט נור פון עקאָנאָמישער ארבייט; די צווייטע האָט אנערקענט די נויטיקייט אויך פון דער פּאָליטישער ארבייט. און אויך די אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס זענען געשטאַנען פאַר דעם פּאָליטישען קאַמפּף, האָבען פערשידען דעפינירט דעם וועֹרט און די בעדייטונג פון פּאָליטישע פרייהייט אין די גלות־לענדער פאַר אונזער ענדעציעל, און האָבען אָבהענגיג פון דעם, אַנדערש פאָרמירט דעם אינהאַלט און די פאָרם פון דיעזעם קאַמפּף.

די פועלי־ציון האָבען פאָרגעשטעלט אַ בילד פון פאָלקאָמענער אַנאַרכיע אין זייער טעאָריע, אי אין זייער אָרגאַניזאַציאָנס־לעבען. ווען די גאַנצע אַרבייטער־מאַססע אַרבייטעט צוזאַמען, בילדעט איין אָרגאַניזאַציאָן, דאַנן טרעט אַרויס די סוביעקטיווע פּאַרטיי־לאָגיק, דאַנן מוז יעדעס דעטאַל זיין צוועקמעסיג, דאַנן ווערט ערוויטערט, ווערט אָבגעריבען די סוביעקטיווע ווירקונג פון איינצעלנע פערזאָנען. די פועלי־ציוניסטישע מאַססע אָבער איז ביז דעם לעצטען מאָמענט געווען צוברעקעלט אויף פערשידענע זעלבסטשטענדיגע גרופּפען און יעדע פון זיי האָט אויף זיך געטראָגען דעם שטעמפּעל פון איהרע אָרגאַניזאַטאָרען און פיהרער. ניט קוקענדיג אָבער אויף דער גאַנצער פערשיעדענהייט אין מיינונגען און געדאַנקען, האָט דאָך אַרויסן געשיינט דער איינהייטליכער פּראָלעטאַרישער אינהאַלט, און דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פון דעם פּראָלעטאַריאַט האָט געמוזט דורכדרינגען אַלע פועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָנען; דער נאַטירליכער פּראָלעטאַרישער וואוקס האָט געבראַכט דאַצו, אַז עס זאָל בעזיעגען די קלאַססען־טענדענץ מיט איהר רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער, מיט איהר פּרינצי־

פיעלען קאַמפּף געגען שעדליכע טראַדיציאָנען און רעאַקציאָנערע געזעלשאַפט־ליכע אידעאַלען, אַז דער גרעסטער טהייל פון די גרופּפּען פּועלי־ציון זאָל זיך ערקענען אַלס ציוניסטען־סאָציאַליסטען.

די לעצטע צייט זענען פערשידענע פּועלי־ציוניסטישע גרופּפּען געקומען צווישען זיך אין געוויסע אָרגאַניזאַציאָנס־פערהעלטניסע; עס זענען אויך פאָר־געקומען אין געוויסע פּונקטען צוזאַממענפאָהרען פון גאַנצע ראַיאָנען. די מיינונגען האָבען זיך געלייטערט, די פּרינציפּען זענען פעסטער געשטעלט גע־וואָרען. עס איז אַלץ נעהענטער און נעהענטער געקומען די צייט, ווען די פּועלי־ציון האָבען נאַטירליכער ווייזע געמוזט אויסוואַקסען אין איין אַלגעמיין יודישע אַרבייטער פּאַרטיי מיט איין אויסגעאַרבייטעטען פּראָגראַם און מיט איין קלאָר־געצייכענטער טאַקטיק.

און צוזאַמען מיט דער מעגליכקייט בילדען אַ פּאַרטיי, איז אַלס שאַרפער געוואַקסען די נויטיגקייט פאַר פּועלי־ציון אַרויסטרעטען אַלס אַזעלכע.

אין רוסלאַנד האָבען זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען די בעגעבענהייטען מיט בעזונדערער שנעלקייט. די רוסישע זעלבסטהערשונג וועלכע פערסאַמט איבעראַל די לופט; וועלכע וויל דערשטיקען אַלעס, וואָס שטרעבט צו פריי־הייט, דערווערגען אַלע פרישע כוחות, אונטערהאַקען אַלעס, וואָס וואַקסט, — די רוסישע זעלבסט הערשונג, וועלכע לאָזט ניט ווי אַ בייזער גייסט פון די פאָריגע צייטען, אַז עס זאָלען זיך פריי ענטוויקלען די געזעלשאַפטליכע כוחות. עס זאָלען זיך קלאָר קריסטאַליזירען די געזעלשאַפטליכע פער־העלטניסע, וואָס מוזען אַרויסרופען נייע פּאָליטישע פאָרמען, — דיעזע רוסישע זעלבסטהערשונג פאַלט אונטער דער לאַסט פון איהר אייגענער ווילדקייט און אונזינן. די אונגליקליכע מלחמה מיט יאַפּאַן, וואָס איז ניט אַרויסגערופען דורך די רעאַלע אינטערעס'ן פון אירגענד וועלכען געזעלשאַפטליכען קלאַס; דער אופן, ווי די מלחמה ווערט געפיהרט; די פאָלקאָמענע אַנאַרכיע, וואָס הערשט דאָרט און אין וועלכער עס ווייזט זיך דייטליך אַרויס, ווי דער גאַנצער רעגירונגס־מעכאַניזמוס איז דורכאויס צופוילט; מאַסען יתומים און אלמנות, הונגער און אָרמוט צווישען די בויערען, אַ שרעקליכער עקאָנאָמישער קריזיס און אַרבייטס־לאָזינקייט פון הונדערט־טויזענטער אַרבייטער־מאַסען; אַ לופט, אָנגעפילט מיט נאַציאָנאַלען האַס, פּאָגראָמען אויף יודען, ווילדע הריגות אין באַקו, דאָס רייצען די מאַסען אויף דער אינטעליגענץ, — דאָס אַלעס גראָבט אונטער די זיילען פון דעם ווילדען און בייזען כח, וועלכער דריקט ווי אַ קאָשמאַר, די גאַנצע רוסלענדישע בעפעלקערונג. עס ערוואַכען די רוסישע מאַסען, עס טרעט אַרויס דער בעוואוסטער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, אום צו שטירצען די זעלבסט־הערשונג, וועלכע וויל אַלעמען אַרומכאַפּען מיט אַ ענגען אייזערנעם רייף:

און זעהענדיג, אַז פאַר איהר עפענט זיך אַ טיעפער תהום, מאָבּיליזירט די זעלבסטהערשונג אַלע שוואַרצע און פינסטערע כוחות, אום איינהאַלטען איהר אַלטע שוואַנקענדע פּאָזיציאָן, מיט פערצווייפלונג כאַפּט זי זיך פאַר אַלטע שרעקליכע מיטלען, אום נור צו פערלענגערען איהר עקזיסטענץ. און אָבוואָהל נעצעהלט זענען איהרע טעג, דאָך מוזען די מאַסען, געפיהרט פון דעם פּראָלע־

טאריאט, אנשטרענגען אלע זייערע קרעפטען, אום צו שטירצען דעם ווילדען אבגאט, וואס האלט זיך אויף אונצעהלבארע מענשליכע קרבנות.

און מיט דעם פאלען פון דער זעלבסטהערשונג, ווערען אלע כוחות אין רוסלאנד פריי. די געזעלשאפטליכע ענטוויקלונג נעהמט אן אונגעשטערט די ענטשפרעכענדע פארמען. מיט אונגעהייערער שנעלקייט ענטוויקעלט זיך דער קאפיטאליזמוס, נאך שארפער הויבען אן זיך ארויסווייזען די אלע געגענזעצע, וועלכע מוזען שטאטפינדען אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט: צו א הערשענדען קלאס ענטוויקעלט זיך די בורזשואזיע, — אלס א מעכטיגער כח, וואס וואקסט און ארגאניזירט זיך אלץ מעהר און מעהר, טרעט ארויס דער פראלעטאריאט. עס קעמפפט אויך דער מיטטעלשטאנד, געגען וועלכען עס זענען אלע געזעלשאפטליכע כוחות ביי דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן. און קעמפפענדיג מיט דער זעלבסטהערשונג, זאמעלט דערווייל יעדע גרופפע, יעדער קלאס זיינע כוחות אום צו קענען בעשיצען זיינע אינטערעסען נאך דעם, ווען דאס לאנד וועט זיך ערווערבען פאליטישע פרייהייט. אלע גרייטען זיך און מאביליזירען זייערע ארמעען צום קאמפף פאר זייערע פערשיעדענע אינטערעסען, וואס שטעהט זיי פאר אין דער נאהענטער צוקונפט.

און אין דיעזעם היסטארישען מאמענט מוזען אויך מיר, יודישע־ארבייטער, ארויסטרעטען, ווי איין ארגאניזירטער און אקטיווער כח. אלס א יודיש־פראלעטארישע מאכט מוזען מיר צוזאמען מיט דעם אלגעמיין־רוסלענדישען פראלעטאריאט אנשטרענגען אלע אונזערע קרעפטען, כדי צו שטירצען דעם אבסאלוטיזמוס, וועמעס ווילדע און אכזריות'דיגע האנד האט זיך נאך שווערער, נאך שטארקער געלעגט אויף דעם יודישען פראלעטאריאט, ווי בכלל אויף דער ברייטער יודישער מאסע. מיט איהרע אויסשליסליכע מיטלען און געזעצען געגען אונז, מיט איהר האלטען אונז אין דער איינגער טשערטא, מיט איהר רייצען געגען אונז די אונוויסענדע מאסען, — האט זי ביי אונז אבגענומען די מעגליכקייט פון א וועלכען עס איז ערטרעגליכען לעבען, האט פאראליזירט אלע אונזערע כוחות, האט אונז געלאזט נור איין וועג, וואס פיהרט צו שרעקליכער ארמוט און פיזישע און גייסטיגע ענטארטונג. און מעהר פון אלעמען האט דאס געפיהלט דער יודישער פראלעטאריאט, אלס א אונטערדריקטער קלאס פון א פערשקלאפטע נאציאן. און בעוואפענט מיט אונזער גאנצער רעוואלוציאנערער ענערגיע, מיט דער גאנצער היץ און ענטוזיאזמוס פון אונזערע בלוטענדע הערצער, מוזען מיר ארויס געגען דעם גרויזאמען צאריזמוס, וועלכער איז דורכאויס געטונקט אין אונזער בלוט.

מיר מוזען זאמלען אונזערע קרעפטען אום זיך ערווערבען רעכטע, פרייהייט און נויטווענדיגע דעמאקראטישע לעבענס־פארמען.

אין די רייהען פון די יודישע פאלקס־מאסען זענען מיר, יודישע פראלעטאריער, דער איינציגער רעוואלוציאנערער כח, נור מיר זענען די ארמעע, וועלכע קען פיהרען די יודישע מאסען אויף זייער היסטארישען וועג צו גליק און פרייהייט. עס איז מעגליך, אז יעצט, ווען דער פולס פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען קלאפט שנעל און שטארק, וועלען אויך אנדערע יודישע גרופפען ארויף אויף

דער סצענע; נור אונזער קליינבירגערליכע פאָלקס־מאַסע מיט איהר אינטעליגענץ איז ניט פעהיג אליין אלס א זעלבסטשטענדיגער כח ארויסצוטרעטען מיט א שאַרפען און שטענדיגען קאַמפף, — צופיעל איז איהר רוקען געבויגען, צו פיעל איז איהר קול ערשטיקט, צופיעל איז זי געוואָהנט צו שטעהען ביי די טיהרען, און רחמים צו בעטען. און ווען די בעגעבענהייטען וועלען וואַרפען אויך די ניט פראָלעטאַרישע יודישע מאַסען אין די רעוואָלוציאָנערע אַרמעען — מוזען מיר דאביי ארויסטרעטען אלס די אמת'ע אויס־דריקער פון די ווירקליכע אינטערעסען פון אללע אונטערדרריקטע, אלס די מוטיגסטע קעמפפער פיר פרייהייטליכע לעבענספאָרמען, און געהען אין אונזער קאַמפף מוזען מיר ווי א בעזונדערע ארבייטערקלאַססע וועלכע האָט איהרע ספעציעלע קלאַססענאינטערסען, וועלכע מיר דאַרפען בעניצען צוזאַמען מיט דעם אלגעמיין־רוסישען פראָלעטאַריאַט. מיט אונזערע קרעפטען דאַרפען מיר פערגרעסערען די ווירקונג פון פראָלעטאַריאַט אויף דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, דאַמיט ווערט מעגליכער די פערווירקליכונג פון אונזער סאָציאַליסטישען אידעאַל. דאָס אלץ מאַכט נויטיגער אונזער ארויסטרעטען יעצט, אלס איין אָרגאַניזירטע יודישע ארבייטער־פאַרטיי. ניט אָבער נור דאָס אליין.

די ציוניסטישע בעוועגונג לעבט איבער יעטצט זעהר א וויכטיגען און שווערען מאָמענט. אוועקשטעלענדיג זיך אלס ציעל די שאַפונג פון די נויטיגע בעדינגונגען פיר די פרייע און זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג פונ'ם יודישען פאָלק, ציהט דער ציוניזמוס צו דורך זיין נאַציאָנאַלען אינהאַלט פערשיעדענע פאָלקסטיילען. און ווירקליך, געפינען מיר אין דער ציוניסטישער בעוועגונג א גרויסען צאָהל מיטעלבירגער, וואָס זענען געקומען צום ציוניזמוס ניט געטריעבען דורך דעם עקאָנאָמישען דרוק, נור שטרעבענדיג צו נאַציאָנאַל־פילאַנטראָפּישע ציעלען. זיי שטעלען ארויס גרופּפּען, וועלכע זעהען אין דעם ציוניזמוס א בלאָסען אָבשיין פון דער פערגאַנגענהייט און אין זייער ראָמאַנטישער פערבלענדונג פערגעסען זיי דעם בלוטיגען רעאַלען אינהאַלט פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג. די עקאָנאָמיש־פּאָליטישע פרייהייט פון די ברייטע יודישע מאַסען איז ביי זיי א בייזאַך, וועלכע זיי זיינען גרייט צו אָפּפערען פאַר די אויפלעבונג פון טראַדיציאָנען, וואָס זענען איבערגעבליבען אין דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע אלס בלאָסע פאַנטאַסטישע געשטאַלטען פון דער פערגאַנגענהייט, אָהן פלייש, אָהן בלוט, אָהן לעבענס־קראַפט. אָהן דעם בעדערפנים אומצוענדערן אלע פאָרמען פון זייער לעבען, שטרעבען זיי צו פאַרוואַנדלען דעם ציוניזמוס אין א קולטור־משכילישע בעוועגונג, אין וועלכער די ברייטע יודישע מאַסען זאָלען ארבייטען פאַר די בעפרידיגונג פון די טראַדיציאָנס־גייסטיגע אינטערעסען פון א אונבעדייטענדע מינדערהייט אין פּאַלעסטינא; אין בעסטען פאַל בילדען זיי פון זיך רחמנות־ציוניסטען מיט קליינליכע נשמות און קליינליכע אידעאַלען — העלפען א הייפעלע אָרמע ברידער אין פּאַלעסטינא אָדער אוגאַנדע.

די גרעסטע טהייל אָנהענגער פונ'ם ציוניזמוס געפינען מיר היער יעצט אין דעם יודישען קליינבירגערטום — בעלי־מלאכות און קליינע קרעמערליך. דיעזע גרויסע מאַסען פערליערען אלס מעהר און מעהר זייער מאַטעריעלען באָדען אין

דער קאפיטאליסטישער אָרדנונג; די האָט ניט דעם אָבגאָט פון דער קאפיטאליסטי-שער געזעלשאפט — דעם קאפיטאל, ניט דעם אמת'ן גאָט פון דער ליכטיגער צו-קונפט — דעם קאמפף פיר דעם סאָציאליסטישען אידעאל. דיעזע הונגערנדע און דערשלאָגענע מאסע, אָבוואָהל זי איז פעראינטערעסירט אין דער פערווירק-ליכונג פונ'ם ציוניזמוס, ניט האָבענדיג אָבער קיין באָדען אויף דער ערד, האָט זי מורא צו פערליערען איהר האָפנונג אויפ'ן הימעל און איז דארום רעאקציאָנער, אבערגלויביג און רעליגיעז, זי איז ניט פעהיג רעאל צו דענקען און שטרעבט אימער מעהר צום אָבגעלעבטען, אלס צום ענטשטעהענדען.

דיעזע ביידע טיילען מאכען שלום צווישען זיך אום צוצוגעבען דער גאנ-צער ציוניסטישער בעוועגונג א רעאקציאָנערען כאראקטער; זיי ווילען זי איינ-שליסען אין די ענגע ראהמען פון אויפלעבען דאָס יודישע לאנד, די יודישע קולטור, די יודישע טראדיציאָנען, פון פערגרינגערען עטוואָס די לאגע פון „אָרימע”, פון העלפען יודישע עמיגראנטען. און דער ציוניזמוס, אלס א סאָ-ציאלעם פּראָבלעם מיט זיין ראדיקאלען און אלגעמיינעם פאָלקס-כאראקטער פּ ע ר ל י ע ר ט דאדורך זיין אנציהונגסקראפט פון א פאָלקסאָמענער אומענדערונג פון דער יודישער ווירקליכקייט.

אונז, ציוניסטען-סאָציאליסטען, וואָס טרעטען ארויס דעם ערשטען מאָל אלס א אָרגאניזירטע ארבייטער-פּארטיי, שטעהט יעטצט פאר די היסטאָרישע אויפגאבע אויפצודעקען דעם רעאל-דעמאָקראטישען אינהאלט פונ'ם ציוניזמוס, און צו וואכען איבער די אינטערעסען פון די ברייטע יודישע פאָלקסמאסען; נאָר מיר, וועלכע צייכנען און שטרייכען שטענדיג אונטער דעם סאָציאל-עקאָנאָ-מישען אינהאלט פון דער בעוועגונג; נאָר מיר, פאר וועלכע עס שיינט אזוי העל, אזוי ליכטיג דער סאָציאליסטישער אידעאל; נור מיר קענען און דארפען אָב-היטען דעם פּרינציפּ פון טעריטאָריאליזמוס אין דעם ציוניזמוס, נור מיר קענען געבען דער בעוועגונג איהר געהעריגע ריכטונג, ניט לאָזען פערגעסען איהר ריכ-טיגען צוועק.

און צוזאמען מיט דער נויטיגקייט איז טעגליך געוואקסען די מעגליכ-קייט פיר אונז, ציוניסטען-סאָציאליסטען, הערויסצוטרעטען אויף דער היסטאָ-רישער סצענע, אלס א פעסטגעאָרדנעטע מאכט. אום דיעזע מעגליכקייט צו פערווירקליכען, איז צוזאמענגערופען געוואָרען א קאָנפערענץ פון דער הויפּט ציוניסטיש-סאָציאליסטישע אָרגאניזאציאָנען („פועלי-ציון”). אויף דיעזער קאָנפערענץ זענען בעטראכט געוואָרען אלע פּרינציפּיעלע און טאקטישע פראגען. *) פּאָרלויפיג געפינען מיר פיר נויטיג איבערצוגעבען דעם אינהאלט נור פון איינינגע איינשטימיגע אָנגענומענע רעזאָלוציאָנען:

ביי די סאָציאל-עקאָנאָמישע לעבענס-בעדינגונגען, וועלכע הערשען אין די קאפיטאליסטישע לענדער, מוז די יודישע פאָלקס-גרופּע, אלס א פאָלק אָהן נאציאָנאלע ווירטשאפט, אימער פיהלען א שארפען סאָציאל-עקאָנאָמישען און נאציאָנאל-פּאָליטישען דרוק וועלכער ערשיינט אין דעם וואקסענדען פּאופּעריז-

*) אין גיכן וועט ערשיינען אַ פּאָלקאָמענער בעריכט וועגן די דעבאַטען און אָנגע-נומענע רעזאָלוציאָנען.

מוס און אין דער קולטורעלער אונפּרוכטבאַרקייט פון די גרויסע יודישע מאַסען; די דורך דיזע לאַגע הערויסגערופענע עמיגראַציאָן, וועלכע איז געריכטעט נאָך די קאַפּיטאַליסטיש-ענטוויקעלטע לענדער, וואו דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער צו־שטאַנד פון די יודישע מאַסען קען ניט ראַדיקאַל געענדערט ווערען, מוז אין איהר וואוקס בעגעגנען בעגרענצונגען און אונבעזיגליכע שטערונגען. אום צו שאַפען די נייטיגע בעדינגונגען צו אַ פרייען סאָציאַל-עקאָנאָמישען און נאַציאָנאַל-פּאָליטישען לעבען, מוזען די ברייטע יודישע מאַסען ערווערבען אַ פרייעס טע־ריטאָריום, וואו זיי זאָלען זיך קאָנצענטרירען און פיהרען זייער פאָלקסלעבען אויף נאַציאָנאַל-אויטאָנאָמישע יסודות — צום ערווערבען פון אַ זעלבעס טע-ריטאָריום, אַלס אַ געזיכערטע היימאַט פיר די מעהרהייט פון דעם יודישען פאָלק, ציעלט דער ציוניזמוס.

אנערקענענדיג דעם עוואָליוטיוו-פּראָגרעסירענדען כאַראַקטער פון יעדער פאָלקס-פּסיכאָלאָגיע און פאָלגליך אויך פון דער יודישער; איבערצייגט, אַז יעדע געזעלשאַפטליכע אידעאָלאָגיע איז אָבהענגיג פון די מאַטעריעלע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען און רעאַלע אינטערעסען, — און אַז די רעאַלע לעבענס-אינטערעסען פון דער יודישער מאַסע ליעגען ניט אין פּאַלעסטינע און אויך ניט אין דעם ציעלען זיך דוקא צו דיזעס לאַנד; ניט צוגעבענדיג אויך קיין רעאַלען ווערט אונזערע כלומר׳שטע „היסטאָרישע רעכטע" אויף דיזעס לאַנד, — אנערקע-נען מיר ניט קיין אָרגאַנישע פערבינדונג צווישען דעם ציוניזמוס און פּאַלעסטינאַ.

דער ציוניזמוס אַלס אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג, קען אַרומנעהמען פערשי־דענע טיילען פון יודישען פאָלק, וואָס זייער צוקונפט איז פערבונדען מיט אַ זעלבסטשטענדיגער געזעלשאַפט אויף איין אייגענעם טעריטאָריום.

בעטראַכטענדיג די פערווירקליכונג פון דעם ציוניסטישען אידעאַל, אַלס אַ דויערנדען היסטאָרישען פּראָצעס, געפינען מיר, אַז אין די גלות-לענדער מוזען די יודישע מאַסען, אָרגאַניזירענדיג זיך נאָך זייערע פערשידענע קלאַסען-אינטערעסען און אידעאַלען, איין אַקטיווען אנטייל נעהמען אין דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישען לעבען.

מיר, ציוניסטען-סאָציאַליסטען, שטעלען זיך אַלס ענד-ציעל אַ יודישע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. שטעהענדיג אויף דעם אַלגעמיינעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישען שטאַנדפּונקט און פיהרענדיג אַ קאַמפף געגען דער קאַפּיטאַ-ליסטישער אָרדנונג, זענען מיר איבערצייגט, אַז אונזער סאָציאַליסטישען אי-דעאַל, קענען מיר פערווירקליכען נור דורך אונזער שטענדיגען קלאַסען-קאַמפף מיט די איבעריגע קלאַסען פון יודישען פאָלק, וואָס זענען אויך פעראינטערע-סירט אין דער פערווירקליכונג פון דעם ציוניזמוס. מיר טרעטען אַרויס אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער מאַסע אַלס אַ קלאַסען-בעוואוסטער פּראָלע-טאַריאַט, וועלכער האָט זיינע קלאַסען-אינטערעסען און ציעלען. אין די גלות-לענדער בעשיצען מיר אונזערע אַרבייטער־אינטערעסען מיט דעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט, פיהרען מיט איהם צוזאַמען אונזער שטענדיגען קאַמפף געגען דעם קאַפּיטאַליזמוס, אויך געגען אַלע אינסטיטוטען, וועלכע זענען פערבליבען אין

די קאפּיטאַליסטישע לענדער, אַלס אַ ירושה פון דעם פעאָדאַליזמוס (דער רוסישער אַבסאָלוטיזמוס א. ד. ג.).

פּאָרמולירט זענען אויך געוואָרען די פּרינציפּען פון אונזער פּראָגראַם און טאַקטיק, וועלכע פעראייניגען אונז מיט אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַר-טייען און אויך מיט דער אַלגעמיין-ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן.

עס זענען אויך בעשאַפען געוואָרען אַלע נייטיגע פּאַרטיי-אינסטיטוטען און ס'איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ צענטראַל-קאָמיטעט, — און יעצט טרע-טען מיר, ציוניסטען-סאָציאַליסטען, אַרויס, אַלס אַ פּאַרטיי.

מיר טרעטען אַרויס אין אַ וויכטיגען און אַ שטאַרק פעראַנטוואָרטליכען מאָמענט. די גרויסע יודישע מאַסען בויגען זיך אונטער דעם שווערען לאַסט פון דעם ביסהעריגען גלות; אין דעם ציוניסטישען לאַגער בעקעמפען זיך פער-שידענע שטרעמונגען; דער יודישער פּראָלעטאַריאַט איז ניט אייניג, ניט פאַר אַלע זיינע טיילען שיינט אונזער ריכטיגער פּראָלעטאַרישער אידעאַל — איין יודישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. די גאַנצע יודישע ווירקליכקייט אָבער, די אָביעקטיווע נויטווענדיגקייט פון אונזער ציוניסטיש-סאָציאַליסטי-שען אידעאַל, רייניגען פאַר אונז אַ וועג און זאַמלען אַרום אונזער פּאַהן די לעבענס-פעהיגע עלעמענטען פון דער יודישער אַרבייטער-מאַסע. מיט ענער-גיע און זיכערהייט שטעלען מיר זיך אויף דיזען וועג פון קאַמפף און זיעג; אויף דעם וועג, אויף וועלכען עס ווייזט אונז אָן אונזער רעוואָלוציאָנערער גייסט און סאָציאַליסטישער אידעאַל.

מוטיג און פול מיט האָפנונג טרעטען מיר אַרויס. די צוקונפט איז פאַר אונז!

ניעדער מיט דער זעלבסטהערשונג!
ניעדער מיט דער מלחמה!
ניעדער מיט דעם קאַפּיטאַליזמוס!
עס לעבע דער סאָציאַליזמוס!
עס לעבע די נאַציאָנאַלע פרייהייט!
עס לעבע דער ציוניזמוס!

אונזערע מינימאַלע פאָדערונגען צום געגענווערטיגען פּאָליטישען מאָמענט אין רוסלאַנד:

1. די זאָפאָרטיגע ענדונג פון דער מלחמה מיט יאַפּאַן.

2. אַ פעליגע אַמניסטיע אַלע אַרעסטירטע און פערשיקטע פאַר זייערע רעליגיעזע און פּאָליטישע איבערצייגונגען.

3. וואָרט-פּרעסע און געוויסען-פרייהייט.

4. קאָאַליציאָנס-רעכט, פרייהייט פון פערזאַמלונגען און אונבערירטהייט פון פּערזאָן און וואָהנונג.

5. די זאָפאָרטיגע איינפיהרונג פון אַ 8-שטונדיגען אַרבייטס-טאָג.

6. די זאָפאָרטיגע צוזאַמענרופונג פון דער קאָנסטיטואירענדער פערזאַמ-לונג פון פאָלקס-פאָרשטעהער, וועלכע זאָלען אויסגעקליבען ווערען נאָך דעם פּראָפּאָרציאָנאַל-סיסטעם פון אַלע בירגער אָהן אונטערשיעד פון שטאַנד, גע-

שלעכט, רעליגיאָן און נאַציאָנאַליטעט אויף דעם גרונד פון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען וואהל-רעכט מיט געהיימער אַבשטימונג.

7. אקטיוועס וואהל-רעכט מוזען בעזיצען אַלע בירגער, וועלכע האָבען דערגרייכט דעם 20-יעהריגען לעבענס-אַלטער.

8. די פאָלשטענדיגע בעזייטיגונג פון דער אדמיניסטראַציאָן אין דער וואהלטעכניק.

---

פאָדערונגען פון פראָגראַם-ענדערונגען, גערעכטעט צום זיבעטען ציוניסטען-קאָנגרעס:

1. דאָס ציעל פון דעם ציוניזמוס: דער ציוניזמוס שטרעבט צו שאַפען א רעכטליך-געזיכערטע היים-שטאט פאר די יודישע פאָלקס-מאַסען.

2. מיטעל צו פערווירקליכען דעם ציוניזמוס:

1) די ענטוויקלונג און פערשפרייטונג אונטער די ברייטע יודישע מאַסען דעם בעוואוסטזיין פון דער אוננאָרמאַלער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאגע פון דער יודישער נאַציאָן אין די גלות-לענדער.

2) די אָרגאַניזירונג פון די יודישע מאַסען אין די גלות-לענדער, אום צו בעשאַפען די סאָציאל-פּאָליטישע קרעפטען, וועלכע זענען נייטיג צו דער פערווירקליכונג פון דעם ציוניסטישען אידעאַל.

3) פרייע פערהאנדלונגען מיט די פּאָליטישע פאָרשטעהער פון די שטאַטען, וועלכע פיהרען קאָלאָניאַל-פּאָליטיק.

4) די שאַפונג פון פּאָליטישע און פינאַנציעלע אינסטיטוטען, אויף קאָלעגיאַלע יסודות, אום צו פיהרען די ציוניסטישע ארבייט.

3. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן ווערט קאָנסטרואירט אויף די גרונדלאגע פון דעם פעדעראַטיווען פרינציפּ.

## צענטראַל קאָמיטעט

פון דער „ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע ארבייטער-פּאַרטיי“.

